

א. ש. זאַקס — געבוירן דעם 20טן אָקטאָבער, 1878
אין זאגער, ליטע,
געשטאָרבן זונטיק, דעם 9טן סעפטעמבער, 1931
אין ניו יאָרק.

א. ש. זאַקס

# אין קאַמף פאַר אַ בעסערער וועלט

געקליבענע כתבים וועגן סאָציאַלע פּראָבלעמען און רעוואָלוציאָנערע פּערזענלעכקייטן.



אַרויסגעגעבן פון דער
א. ש. זאַקס געזעלשאַפט

פאַרלאַג אידישער לערער סעמינאר
ניו יאָרק, 1938.

# פאָרוואָרט פון ב. צ. גאָלדבערג

די דאָזיקע שורות ווערן געשריבן אין דעצעמבער 1937. עס איז דאָס זיבעטע יאָר זינט א. ש. זאַקס איז אוועק פון אונדז, און פאַר דער צייט זיינען גרויסע געשעענישן פאָרגעקומען אין אמעריקע, אין סאָוועט־רוסלאַנד, אין פּאַלעסטינע, אין דייטשלאַנד, אין יעדען וויכטיקן לאַנד. ווען זאַקס קען הײַנט עפענען די אויגן, וואָלט ער געזען פאַר זיך גאָר אַן אַנדער וועלט ווי די וואָס ער האָט איבערגעלאָזט.

די צייט לויפט שנעל מיט אַ גוואַלדיקער טעמפּאָ און מיט אַ גרויסן רעש. דער וואָס קען ניט מיטלויפן און איבערשרייען בלייבט אין דער מיט, פאַרשריען און פאַרגעסן, בפרט א מענטש וואָס זיין עובדא איז אָט טאַקי דער שטראָם גופא — אים צו באַנעמען, אויפקלערן, און כאָטש ווי ווייניק אים צו טרייבן אין דער געהעריקער ריכטונג. לעבעדיקע שרייבער זיינען פאַר דער צייט פאַרגעסן געוואָרן, שוין אָפּגערעדט די וואָס האָבן זיך אָפּגעשיידט פון לעבן אויף אייביק פאַר די לעצטע זעקס יאָר. אָבער א. ש. זאַקס ווערט ניט פאַרגעסן. זיינע תלמידים און פריינט, זיינע נאָכפאָלגער און קאָלעגן, טראָגן זיין אָנדענק אין האַרצן, און קענען זיך ניט באַרואיקן ביז זיי וועלן אים ניט טאָן דעם לעצטן — און גרעסטן — חסד, וואָס קען אים איצט געטאָן ווערן: אַרויסצוגעבן אין בוך פאָרם די אַרטיקלען זיינע וואָס האָבן אַ דויערנדן ווערט.

איך מוז דאָ זאָגן, אַז פאַר די אַלע יאָרן, וואָס איך גיי אויף איסט בראָדוויי, האָב איך נאָך ניט געזען אזא באַציאונג צו אַ פאַרשטאָרבענעם שריפטשטעלער, אַזוי פיל צייט נאָך זיין טויט, ווי די באַציאונג צו זאַקסן מצד די יונגעלייט פון דער א. ש. זאַקס געזעלשאַפט.

זיי זיינען מענטשן אידעאַליסטן. איך ווייס ווי שווער זיי איז אָנגעקומען אַרויסצוגעבן דעם פריערדיקן בוך לכבוד זאַקסן, און מיט וויפיל גרויסער מי אָט דאָס בוך איז זיי אָנגעקומען. נאָר א זעלטענע קאָמבינאַציע פון ליבע, געטריישאַפט און יראת הכבוד, האָט די זאַך געקענט דערפירן צום ציל.

אָט דאָס אליין — די באַציאונג פון זיינע תלמידים און פריינט — איז אַ מאָס פון דעם מענטשן א. ש. זאַקס און פון זיין ראָל אין אונדזער קולטור־

וועלט. פון די שרייבער פון זיין דור, האָט א. ש. זאַקס זיך אויסגעצייכנט מיט אַ טיפן גלויבן אין דעם אידעאַל, צו וועלכן ער האָט געווידמעט זיין לעבן, מיט זיין קלאָרן דענקען, וואָס האָט אים געמאַכט פאַר דעם גרויסן מסביר, און מיט דער גרויסער מדה פון נעמען אַן אמתן אויפריכטיקן אינטע־רעס אין זיינע מיטמענטשן, פון דינען דעם יחיד אזוי ווי דעם כלל, די מדה פון כל המקיים נפש אחת — אין זיין קאַמף פאַר א בעסערער וועלט, פאַר אַלע מענטשן, האָט ער ניט פאַרגעסן, און זיך גענומען צייט, צו זיין גוט צום איינצעלנעם מענטשן, צום תלמיד אין זיין קלאַס, צום פשוטן ארבעטער, וואָס איז געקומען סתם אזוי זיך צו אים אראָפּצורייִדן זיך פון האַרצן.

א. ש. זאַקס איז געווען בטבע א רבי, האָט ער איבערגעלאָזט נאָך זיך חסידים.

---

דאָס דאָזיקע בוך באַשטייט פון סעריעס אַרטיקלען, וואָס א. ש. זאַקס האָט געשריבן פאַרן „טאָג" אין די לעצטע פאַר יאָר פון זיין לעבן. ליטע־ראַריש, ווייס איך, זיינען יענע פאַר יאָר געווען די גליקלעכסטע אין זיין לעבן. איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין זיין רעדאַקטאָר, און מיר פלעגן אָפט ריידן וועגן זיין שרייבן, און וועגן זיינע שרייב־פּלענער. ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו שרייבן וויפיל ער האָט געוואָלט און וועגן וואָס ער האָט געוואָלט. ער האָט זיך געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער — וואָרום עס זיינען געווען יאָרן ווען א. ש. זאַקס האָט ניט געהאַט וואו צו שרייבן, ווען ער האָט ניט געקענט קריגן קיין שטעלע אין אַ צייטונג. ער, דער פּרעזידענט פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַריין, האָט ניט געהאַט וואו אַן אַרטיקל אָפּצודרוקן...

אין די לעצטע פאַר יאָר, מיטארבעטנדיק אין „טאָג", פלעגט ער כסדר רעאַגירן אויף די טעגלעכע פּאַסירונגען, וואָס האָבן געהאַט א ספּעציעלן באַדייט. אָבער ער האָט זיך מיט דעם אליין ניט באַנוגנט. ער האָט געוואָלט ניט נאָר מסביר זיין דעם היינט, נאָר אויך אויפקלערן דעם נעכטן. און אַזוי האָבן מיר אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פאַר די סעריעס אַרטיקלען וואָס ווערן דאָ איבערגעדרוקט. וואָלט ער זיי לכתחילה געשריבן פאַר א בוך, וואָלטן די קאַפּיטלען געווען לייגער און גרינטלעכער — ער האָט דוקא ליב געהאַט צו שרייבן לייגערע און גרונטאָוונע ארטיקלען, אבער די צייטונג האָט אירע באַגרעניצונגען, און זי לייגט אַרויף איר חותם אויף אַלץ וואָס ווערט אין איר געשאַפן. דערפאַר איז די צייטונג אויך מחייב געוויסע זאַכן, וואָס א שרייבער פאַרנאַכלעסיקט אַמאָל, ווען ער שרייבט פאַרן בוך — צ. ב. ש.: קורצקייט, קלאָרקייט און עיקר. אָט די מעלות האָבן די אַר־טיקלען, ווי דער לעזער וועט באַלד אַליין איינזען.

און מחמת די אַרטיקלען זיינען לכתחילה ניט געווען צופעליקע, נאָר א רייע אויסגעשטעלט אין אַ סיסטעם, האָט דאָס דאָזיקע בוך א גאַנצקייט, וואָס איז זעלטן צו זען אין אַ זאַמלונג פון א פאַרשטאָרבענעם שרייבערס צייטונגס־אַרבעט, אַ גאַנצקייט און אַן אויסגעהאַלטנקייט און א דויערנדיקייט — איך האָב די אַרטיקלען ערשט איבערגעלייענט פון דאָס ניי און געזען ווי לעבעדיק זיי זיינען, און ווי פּאַסיק פאַר דער צייט, ווי זיי וואָלטן ערשט געשריבן געוואָרן.

---

ס'איז דאָס לעצטע מאָל וואָס ניט געדרוקטע שריפטן פון א. ש. זאַקס גייען אין דרוק. קיין נייע ביכער פון א. ש. זאַקס וועלן מער ניט דער־שיינען, אלעוואַי זאָל מעגלעך זיין איבערצודרוקן די אַלטע; כאָטש די „חרובע וועלטן" און „לערע פון סאָציאַליזם" — מייסטערווערק ביידע, וואָס זיינען הויך אָנגענומען געוואָרן אין אנדערע שפּראַכן ווי אין אידיש.

עס וואָלט זיך דעריבער געפּאַסט א הדרן צו האָבן — אבער דאָס וועט מוזן בלייבן פאַרן היסטאָריקער פון דער סאָציאַלער ליטעראַטור ביי אידן. זאָל מיר דאָ נאָר דערלויבט זיין אויסצודריקן א געפיל, וואָס איז געמיינזאַם ביי אַלע וואָס האָבן אים געקענט: ער פעלט מיר, א. ש. זאַקס. ער פעלט מיר אַלס מענטש, אלס חבר, אלס שריפטשטעלער, אלס לערער. די וועלט, אונדזער קליינע, אָרימע אידישע וועלט איז דורך זיין אוועקגיין קלענער און שמעלער געוואָרן און — טונקעלער.

חבר על דאבדין ולא משתכחין...

---

צום סוף א וואָרט פון אָנערקענונג צו די וואָס האָבן געהאָלפן אין דער אַרבעט פון צוגרייטן דאָס דאָזיקע בוך:

פאַר אַלע פעלערן אין אויסוואַל, צי אין אויסשטעל פון די אַרטיקלען, און פון דרוק א. ד. ג. בין איך פאַראַנטוואָרטלעך. איך האָב אָט די רע־דאַקטאַר אַרבעט אונטערגענומען. אָבער דעם קרעדיט פאַר דער גוטער זייט פון דער אויסגאַבע קומט צום גרעסטן טייל אַנדערע: צו ווערא ס. זאַקס, די אלמנה פון גרויסן שריפטשטעלער, צו א. ד. פלעשלער און בנימין מארקוס, מיט וועמעס כחות איך האָב דערפירט די זאַך צום ענד.

# אַ וואָרט פון דער א. ש. זאַקס געזעלשאַפט

צוליב זיין פשוטן חברישן צוגאַנג צו די אידישע פאָלקסמאַסן און דער אידישער אינטעליגענץ, אין קאַמף פאַר אַ שענערן און בעסערן לעבן, האָט א. ש. זאַקס אַרויסגערופן גרויס ליבע און אַכטונג צו זיך, כמעט ביי יעדערן וואָס איז מיט אים געקומען אין קאָנטאַקט.

ער האָט דורך זיין דרײַציאָריש־קולטורעלער און געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט אלס שריפטשטעלער, לערער און רעדנער געוואונען א גרויסע צאָל אַנהענגער און סימפאַטיקער, וועלכע זיינען אַלע מאָל געווען גערן צו הערן זיין וואָרט.

זיין פלוצלינגער טויט, דעם 6טן סעפטעמבער, 1931, האָט דערשטאַרק געטראָפן אַלע אונדזערע קרייזן, וואו ער איז געווען זייער גוט באַקאַנט און באַליבט. ס׳האָט זיך ניט געוואָלט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז דאָס איז ווירקלעך שוין דער סוף פון דעם ליבן מענטשן וועלכער איז אונדז געווען אַזוי נאָענט און האָט געהאַט אַזאַ גוטן גייסטיקן איינפלוס אויף אונדזער סביבה. מיר האָבן דערפילט, אַז עפּעס דאַרף געטאָן ווערן כדי זיין זייער נוצלעכע קולטורעלע ארבעט זאָל ניט פאַרלאָרן גיין און זיין נאָמען זאָל פון אונדז ניט פאַרגעסן ווערן.

אָט די שטימונג אונדזערע האָט זיך אינגיכן אויסגעדריקט אין דער אָרגאַניזירונג פון אַן א. ש. זאַקס געזעלשאַפט, וועלכע האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע פּאָפּולער צו מאַכן זיינע ליטעראַרישע שאַפונגען און דורכצופירן יעדן יאָר אַן עפנטלעכע הזכרה פאַרזאַמלונג ביי וועלכער מ׳זאָל רעדן וועגן די וויכטיקע אויפטואונגען זיינע.

אַן דער א. ש. זאַקס געעזלשאַפט האָבן זיך דעמאָלט אָנגעשלאָסן זיינע געוועזענע תלמידים פונם אידישן לערער סעמינאַר און א גרויסע צאָל אַנדערע פריינט, איינשליסנדיק אויך אידישע שרייבער וועלכע האָבן מיט אים מיטגעאַרבעט אין דער אידישער פרעסע.

זינט דעמאָלט האָט די געזעלשאַפט דורכגעפירט אייניקע וויכטיקע אַרבעטן אין איינקלאַנג מיט די אויפגאַבן וואָס זי האָט זיך געשטעלט און האָט איצט ארויסגעגעבן דאָס בוך „אין קאַמף פאַר א בעסערער וועלט“.

דורך דעם דאָזיקן בוך, האָפן מיר, וועט דער לייענער זיך מער באַקענען מיט די וויכטיקע סאָציאַלע פּראָבלעמען אין וועלכע א. ש. זאַקס איז אזוי געוען געווען צו פאראינטערעסירן דעם ברייטן עולם און האָט אויף א באַלערנטן אופן אָנגעוויזן זייער מעגלעכע לעזונג.

---

די א. ש. זאַקס געזעלשאַפט דריקט אויס איר דאנק און אָנערקענונג צו ווערא ס. זאַקס פאר איר זייער פריינטלעכער קאָאָפּעראַציע אין ארויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך.

**די א. ש. זאַקס געזעלשאַפט**
בנימין מאַרקוס, סעקרעטאר

# אינהאַלט

## ערשטער טייל: רעוואָלוציאָנערע געשטאַלטן



## צווייטער טייל: רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען



## דריטער טייל: קאָלאָניזאַציע ביי אידן



# אלעקסאנדער הערצען

## ער האָט באַפרייט דעם רוסישן פויער פון פאַנשטשינע

דעם 1טן יאַנואַר*) איז געוואָרן זעכציק יאָר זינט עס איז געשטאָרבן אלעקסאַנדער הערצען, דער גרויסער רוסישער שריפטשטעלער, דענקער און קעמפער פאַר אלץ וואָס איז שיין, ריין, גוט און אמת.

דער נײַנצנטער יאָרהונדערט איז רייך מיט אַ סך גרויסע מענטשן, וועלכע האָבן באַפרוכפּערט מיט זייערע געדאַנקען און אידייען זייערע צייט־גענאָסן און זײַנען געווען די גייסטיקע קוואַלן, פון וואַנען עס האָבן גענומען זייער אָנפאַנג די גרויסע, מענטשהייט־באַפרייענדיקע באַוועגונגען און שטרע־מונגען פון די וויטערדיקע דורות. דער רוסישער עמיגראַנט אלעקסאַנדער הערצען פאַרנעמט צווישן אָט די גדולים אַ הויכן, א בכבודיקן פלאַץ. צו־זאַמען מיט דעם באַרימטן רוסישן קריטיקער וויסאַריאָן בעלינסקי איז הערצען געווען אַ גייסטיקער פירער פון דער רוסישער אינטעליגענץ אין די פערציקער יאָרן פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, פון דעם שטורעם און דראַנג פעריאָד, ווען דאָס יונגע רוסלאַנד האָט אָנגעהויבן צו זוכן ממשות־דיקע מיטלען ווי אַזוי ארונטערצוואַרפן פון זיך דעם אומדערטרעגלעכן יאָך, אין וועלכן דער בלוטיקער צאַריזם האָט געהאַט איינגעשפּאַנט צענדלי־קער און צענדליקער מיליאָנען מענטשן.

אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס מאַניפעסט פון נײַנצנטן פעברואַר, 1861, וואו די לייב־אייגענע, די פאַרשקלאַפטע רוסישע פויערים, זײַנען געוואָרן דערקלערט אַלס געזעצלעך פרייע מענטשן מיט אַלע רעכטן, איז געווען, ווי

*) געשריבן אין יאָר 1930.

מיר וועלן שפּעטער זען, דער רעזולטאַט פון דער גרויסער רעפאָרם באַוועגונג, וואו הערצען האָט געשפּילט די ערשטע פידל.

אַלעקסאַנדער הערצען איז געווען דער דערציער און לערער פון אייניקע דורות נישט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין אַנדערע לענדער פון איראָפּע, וואוהין די רעוואָלוציאָנערע כוואַליע פון 48טן יאָר האָט דערגרייכט. שפּעטער, ווען דער סאָציאַליזם האָט אָנגעפאַנגען צו שלאָגן וואָרצלען צווישן די האַרעפּאַשנע מאַסן, איז הערצען צו אים צוגעשטאַנען, הגם די פילאָזאָפיע פון דעם מאָדערנעם סאָציאַליסטישן געדאַנק איז אים געבליבן פרעמד.

הערצען האָט ליב געהאַט רוסלאַנד, איבערהויפּט דאָס רוסישע פאָלק, מיט אַלע פעדים פון זיין נשמה, אָבער אָט די ליבע האָט אין אים נישט פאַרטונקלט זיין אינטערנאַציאָנאַלע אידייע.

„מיר זיינען נישט פאַרשקלאַפט אין אונדזער ליבע צום פאָטערלאַנד", האָט הערצען געשריבן. „מיר זיינען איבערהויפּט נישט קיין שקלאַפן. א פרייער מענטש טאָר נישט זיין אַזוי אָפּהענגיק פון זיין פאָטערלאַנד, דאָס ער זאָל געבן אַ הסכמה אויף דאָס, וואָס איז קעגן זיין געוויסן". אין יענער צייט האָבן אַזוינע ווערטער געקלונגען שטאָלץ. און ווי די צאַרישע רעגירונג זאָל נישט האָבן געזוכט אַלערליי מיטלען ווי אַזוי צו פאַרצוימען דעם וועג פאַר הערצענען און זיינע ווערק, האָבן זיי דאָך דורכגעבראָכן די באַוואָפנטע גרעניצן און האָבן ווי העלע פאַקלען געלויכטן און געוואָרימט אין דעם ביוראָקראַטישן פינצטערן צאַרן־לאַנד.

אַלעקסאַנדער הערצען איז געווען איינער פון די פאַרקעמפער פאַר די אונטערדריקטע נאַציעס און פעלקער. ער האָט באַלאַנגט צו דער קליינער צאָל פון די גרויסע וועלט־בירגער, וואָס זיינען פריי פון דעם קליינקעפּלדיקן פאַטריאָטיזם און שמאָלן שאָוויניזם, וועלכע האָבן אין זיך אויסגעוואָרצלט אַלערליי פאָראורטיילן קעגן געוויסע נאַציעס און ראַסן. ער האָט געקעמפט פאַר דער דערלייזונג און דער באַפרייאונג פון אַ ל ע טיילן פון דער מענטשלעכער משפּחה. הערצען פלעגט מיט אַן אומאונטערבראָכענער ענערגיע און מיט א גוואַלדיקער געוואַגטקייט אַרויסטרעטן פאַר דער נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט, פאַר דער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, פאַר דאָס רעכט פון יעדער נאַציע אויף זעלבסט־באַשטימונג. „פאַרוואָס זאָלן מיר נישט לעבן", האָט הערצען געפרעגט אין דער צייט פון דעם פּוילישן אויפשטאַנד אין 1863, וועלכער איז אַזוי אכזריותדיק און בלוטיק געוואָרן אונטערדריקט פון די צאַרישע הענקער און מיט וועלכן ער, הערצען, האָט שטאַרק סימפּאַטיזירט, נישט געקוקט וואָס פיל פון זיינע אַמאָליקע פריינט און חברים זיינען

דערפאַר אויף אים אַנגעפאַלן און אים אַנגערופן „פּאַטערלאַנדסלאָזער געזעל", „פאַררעטער", א. אז. וו. — „פאַרוואָס זאָלן מיר ניט לעבן מיט פּוילן, מיט אוקראַינע, מיט פינלאַנד, אין פריינדלעכער שכנות, ווי אַ פרייער מיט אַ פרייען, ווי גלייכע מיט גלייכע? מיט וואָס זיינען מ י ר בעסער פון ז י י?"

הערצען פלעגט מיט גרויס מוט און גייסטיקער גבורה פאַרטיידיקן די אַלע געקריוודעטע און באַליידיקטע און האָט זיך קיינמאָל ניט גערעכנט מיט די פאָלגן, וואָס זיי קאָנען האָבן פאַר זיין פערזענלעכן לעבן.

עס איז ניט מער ווי רעכט, אז אויך מיר, אידן, וועלכע האָבן געהאַט און האָבן נאָך עד היום ניט וויניק אויסצושטיין אַלס אַן אונטערדריקטע נאַציע, אַז אויך מיר זאָלן זיך באַקענען מיט אָט דעם פאַרקעמפער פאַר נאַציאָנאַלער זעלבסטשטענדיקייט, צו זיין זעכציקסטן יאָרצייט.

אַלעקסאַנדער איוואַנאָוויטש הערצען איז געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע דעם 25טן מערץ, 1812, ביי עלטערן, וואָס האָבן געלעבט צוזאַמען אָן חופּה וקדושין. זיין פאָטער, איוואַן אַלעקסעיעוויטש, איז געווען א רייכער, מיוחס־דיקער פריץ און זיין מוטער א דייטשקע פון שטוטגאַרט. אין זיינע קינדער־יאָרן האָט הערצען זיך געהאָדעוועט אין אַ סביבה פול מיט פריצים, הויכע טשינאָווניקעס, וועלכע פלעגן פאַרברייננגען די טעג אין קאַנצעלאַריעס און די נעכט אין קלובן און אויף בעלער, מיט דייטשע און פראַנצויזישע דעלער און שוויגנדיקע, דערשלאָגענע, ניט־פּראָטעסטירנדיקע קנעכט.

ניט געקוקט וואָס הערצען איז געבוירן געוואָרן פון א ניט גאַנץ כשרן, לויט יענע באַגריפן, פאַמיליען לעבן, האָט אים זיין פאָטער זייער ליב געהאַט און האָט זיך צוגעבונדן צו אים מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן. ער איז געווען דאָס ליבסטע קינד אין הויז. אַלע האָבן אים געבאַלעוועט, פאַרצויגן און זיך געצאַצקעט מיט אים.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז אין אַזאַ אַטמאָספערע האָבן זיך אין קינד געמוזט אַנטוויקלען קאַפּריזן און אַן עקשנותדיקער כאַראַקטער. מורא האָבנדיק, אַז דעם קינד קאָן, חס וחלילה, טרעפן אַן אומגליק, אַז עס קען זיך פאַרקילן, האָט מען עס שטענדיק געהאַלטן אין די פיר איילן פון הויז. פון דער אויסערלעכער וועלט איז דער קליינער הערצען געווען אין גאַנצן אָפּגעזונדערט. די שטענדיקע אָפּגעזונדערטקייט האָט אָבער אין אים ניט אַנטוויקלט, ווי עס וואָלט געווען צו דערוואַרטן, פאַסיווע, מעלאַנכאָלישע נייגונגען. אין די קינדער־יאָרן האָט זיך ביי הערצענען ארויסגעוויזן א שטאַלצע ענערגישע נאַטור און אַ לעבעדיקער, רירעוודיקער טעמפּעראַמענט.

ביי הערצענס פאָטער אין הויז איז מען זיך באַגאַנגען ניט שלעכט מיט

די קנעכט. קערפּערלעכע שטראָפן זיינען דאָרטן קיינמאָל ניט געוואָרן אָנגע־ווענדט. איינמאָל האָט דער יונגער הערצען געזען א וויינענדיקן רעקרוט. איז ער צו אים צוגעלאָפן און געפרעגט:

— דו ווילסט דאָך ניט גיין אין סאָלדאַטן, האַ?

— ניין, איך וויל ניט.

— טאָ ווי אַזוי שיקט מען דיך בשעת דו ווילסט ניט?

אין אָט דער פראַגע איז געלעגן דער מהות, דער עצם פון הערצענס גאַנצן צוקונפטיקן לעבן.

אַ מענטש מוז זיין פריי און קיינער האָט קיין רעכט ניט אים צו צווינגען טאָן זאַכן, ווען ער וויל ניט! אָט פאַר אַזאַ צושטאַנד האָט הערצען אין די שפּעטערדיקע יאָרן געקעמפט דורך שריפט און וואָרט.

אויך אַנטשלאָסנקייט און זעלבסטשטענדיקייט האָט הערצען ארויסגע־וויזן אין זיינע פריע קינדער־יאָרן.

איינמאָל, מיטיק־צייט, איז הערצענס פאָטער, איוואַן אַלעקסעיעוויטש, געווען זייער שלעכט אויפגעלייגט און שטאַרק פאַרכמורעט, און ניט האָבנדיק אויף וועמען אויסצוגיסן זיין פאַרביטערטקייט, האָט ער זיך אָנגעהויבן צו באַקלאָגן אויף זיין גורל:

— איך בין אליין, עלנד, אָבער אויסערלעך דוכט זיך, אַז איך האָב אַ פאַמיליע. ביי מיר וואוינט אַ פרוי מיט איר זונדל...

דער קליינער אַלעקסאַנדער האָט ניט געלאָזן ענדיקן דעם זאַץ, האָט שנעל אַ שפּרונג געטאָן און מיט אַ ציטערנדיקער שטים האָט ער זיך גע־ווענדט צו זיין פאָטער:

— מער קאָן איך אייערע באַליידיקונגען ניט דערלויבן, ניט בנוגע מיר און ניט בנוגע מיין מוטער. מיר וועלן גלייך פאַרלאָזן ס'הויז! איר דריקט אונדז, איר באַליידיקט אונדז, איר וואַרפט אונדז פאָר... ו ו ע מ ע ס ש ו ל ד ... מ י ר זיינען שולדיק, וואָס?... ניין, מיר קאָנען שוין מער ניט אַריבערטראָגן אַזאַ דערנידעריקטן, באַליידיקטן לעבן...

עס האָט לאַנג געדויערט דעם פאָטער ביז וואַנען אים האָט זיך איינ־געגעבן איבערצובעטן זיין קינד. ער האָט געמוזט זיך שטאַרק אַנטשולדיקן און דערקלערן, אַז די ווערטער האָבן זיך ביי אים ארויסגעריסן ניט ווילנדיק און אַז ער וועט עס ווייטער ניט טאָן.

צו 18 יאָר, אין 1830, איז הערצען אָנגעקומען אין אוניווערסיטעט.

„דאָס אוניווערסיטעט לעבן", שרייבט הערצען, „האָט איבערגעלאָזן ביי אונדז אין מוח אַ דערינערונג פון אַ ניט־אונטערבראָכענעם אידייען־מאַלצייט, אַ מאַלצייט פון וויסנשאַפט און האָפענונגען, וואָס האָט צייטנווייז געטראָגן

אַ שטורעמדיקן, צו־פייערלעכן, אָבער קיינמאָל ניט אַן אומאָרנטלעכן כאַ־ראַקטער".

אין די סטודענטישע צימערן, אָנגעפילט מיט דעם פּאַפּיראָסן רויך, האָט די רוסישע יוגנט פון הונדערט יאָר צוריק דיסקוטירט וועגן אַלערליי פילאָ־זאָפישע, פּאָליטישע, סאָציאַלע און עקאָנאָמישע פּראָבלעמען. אין יענער צייט האָבן אָנגעהויבן צו בליען די סטודענטישע „קרוזשקי" (קרייזן), וואָס קאָנען ווערן באַטראַכט פאַר די קערנער, פון וועלכע עס זיינען שפּעטער ארויסגע־וואַקסן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען.

„מען קאָן זאָגן", דערציילט הערצען, „אַז אין יענער צייט איז דער גורל פון דעם צוקונפטיקן רוסלאַנד געלעגן אין די הענט פון אייניקע אינגלעך, וועלכע זיינען אַקאָרשט אַרויס פון די קינדער־יאָרן. דאָס זיינען געווען די זוימען פון דער היסטאָריע, אומבאַמערקבאַרע, אַזוי ווי זוימען איבערהויפּט. שוואַך, אומבאַדייטנד, פון קיינעם ניט אונטערשטיצט, האָבן אָט די זוימען לייכט געקאָנט אונטערגיין ניט איבערלאָזנדיק נאָך זיך קיין שום סליאַד. אָבער זיי זיינען, צום גליק, יאָ איבערגעבליבן.

„ביסלעכווייז אַנטוויקלען זיך די זוימען. זיי וואַקסן. עס בילדן זיך פון זיי גרופּעס. מער פריינדלעכע גרופּעס קלייבן זיך צונויף און באַהעפטן זיך. אַנדערע שטויסן זיך אָפּ איינע פון די אַנדערע. אָט די פּאַנאַנדערגלי־דערונג און קאָנצענטרירונג גיבן די מעגלעכקייט פאַר אַן אַלזייטיקער אַנט־וויקלונג".

גרויסע שפּורן אין דער געשיכטע פון דער גייסטיקער ענטוויקלונג אין רוסלאַנד האָבן איבערגעלאָזן צוויי „קרוזשאָקן": סטאַנקעוויטשעס „קרוזשאָק" און הערצענס „קרוזשאָק".

אין סטאַנקעוויטשעס „קרוזשאָק" האָט מען דעבאַטירט און דיסקוטירט איבער פילאָזאָפישע און קונסט פּראָבלעמען. אַן אַקטיווער אַנטיילנעמער אין דעם „קרוזשאָק" איז געווען וו. ביעלינסקי. בראָש פון דעם פּאָליטישן „קרוזשאָק" איז געשטאַנען אַלעקסאַנדער הערצען. אין אים האָט זיך אויך שטאַרק באַטייליקט דער פאָטער פון דעם אַגרעסיוון אַנאַרכיזם, מיכאַאיל באַקונין.

אין סטאַנקעוויטשעס „קרוזשאָק" האָט מען געלעזן די ווערק פון שילער, געטהע, האָפמאַן און זיך געגריבלט אין די פילאָזאָפיע פון דעם גרויסן דייטשן פילאָזאָף, העגעל, דער גייסטיקער הערשער איבער דער אינטעליגענץ אין יענער צייט. אין הערצענס „קרוזשאָק" זיינען אויפן ערשטן פּלאַן גע־שטאַנען לעבעדיקע און ריין פּראַקטישע פראַגן. דאָ איז געווען דער העלד, פאַר וועמען מען האָט זיך געבוקט, דער גרויסער סאָציאַליסט־אוטאָפּיסט,

סען־סימאָן. סען־סימאָנס „נייע עוואַנגעליום" איז געווען די ביבל, וועלכע די מיטגלידער פון הערצענס „קרוזשאָק" האָבן מיט גרויס חשק און התמדה געלערנט. די אידעאַלע פּערזענלעכקייטן ביי הערצען און זיינע חברים זיינען ניט געווען ליטעראַטן, קינסטלער, נאָר פּאָליטישע טוער און וויסנשאַפטס־לייט. דער סען־סימאָניזם איז געווען דער לייכטנדיקער ציל, דער וועגווייזער אין הערצענס „קרוזשאָק" און שפּעטער אין זיין לעבן. אונטער דער ווירקונג פון דעם סען־סימאָניזם האָט זיך אַנטוויקלט און אויסגעאַרבעט די וועלט־אַנשויאונג פונם צוקונפטיקן פאַרפאַסער פון „ווער איז שולדיק?" און פון „יענעם ברעג".

אין יולי, 1834, האָט מען ארעסטירט הערצענס חבר, אָגאַריעוון, און אין אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אין מיטן נאַכט אַרעסטירט געוואָרן אויך הערצען.

נאָך יאָרן פון טורמעס און גלות אין די ווייטע פּאַרוואָרפענע גובערניעס האָט זיך הערצען אין 1842 צוריקגעקערט קיין מאָסקווע און איז צוריק אריין אין „קרוזשאָק", וואו עס האָבן זיך קאָנצענטרירט די בעסטע, די איידל־סטע און די טאַלאַנטפולסטע קרעפטן פון רוסלאַנד.

„אַזאַ קרייז טאַלאַנטפולע, אַנטוויקלטע, אַלזייטיקע און ריינע מענטשן", האָט מיט יאָרן שפּעטער דערציילט הערצען וועגן זיינע מאָסקווער פריינט, „האָב איך שפּעטער אין קיין אָרט ניט באַגעגנט, ניט אין דער פּאָליטישער און ניט אין דער אַריסטאָקראַטישער וועלט".

אין יענער צייט האָט זיך אויך אָנגעהויבן הערצענס ליטעראַרישע טע־טיקייט.

הערצען האָט זייער פיל געשריבן אַרטיקלען, ראָמאַנען, פילאָזאָפישע און פּאָליטישע אָפּהאַנדלונגען א. אז. וו. די רוסישע אינטעליגענציע האָט געהאַלטן אים צוזאַמען מיט ביעלינסקין פאַר אירע לערער און גייסטיקע פירער. עס זיינען דערשינען זיינע „מעמואַרן פון דר. קרופּאָוו" און זיין באַוואוסטער, עפּאָכע־מאַכנדיקער ראָמאַן, „ווער איז שולדיק?" וואָס איז געווען אַ לאַנגע צייט פאַרבאָטן אין רוסלאַנד.

אין דעם ראָמאַן פירט הערצען אַרויס ערלעכע, גוטע מענטשן. זיי אַלע ליבן איינער דעם אַנדערן. יעדער באַגערט מיט זיין גאַנצן האַרצן, אַז דער צווייטער זאָל זיין גליקלעך. און סוף כל סוף מאַכן זיי איינער דעם אַנדערן אומגליקלעך און אַלע גייען אונטער. זייער לעבן, זייער ליבע, איז ווי אַ שטיין געוואָרפן אין אַ שטייענדיקן וואַסער. עס גיט אין אָנפאַנג אַ פּליוסק. דאָס וואַסער פאַנגט זיך אָן צו באַוועגן, אָבער אין אַ רגע שפּעטער — ווידער דאָס טויטע שווייגן, די טויטע שטילקייט... אויף דער פראַגע: „ווער איז שולדיק?" ענטפערט הערצען, אַז די שולד ליגט ניט אין די פּערזאָנען גופא,

נאָר אין די אַרומיקע באַדינגונגען, אין די ווידערשפּרוכן, אין די סתירות פון לעבן, אין דער באַציאונג צו ליבע, הייראַט א. אז. וו. „שטרעב צו פאַר־פולקאָמען דיין וויסן, באַנוגן זיך קיינמאָל ניט מיט דער ווירקלעכקייט און אירע שלעכטע זייטן. לערן זיך צו קעמפן און אפילו אונטערצוגיין, אָבער פאַרבויג קיינמאָל ניט דעם אמת פון זיך און פון אַנדערן" — אָט איז דער געדאַנק, וואָס הערצען פריידיקט אין זיין „ווער איז שולדיק ?"

אין 1847 קומט הערצען קיין פּאַריז, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען ערב דער רעוואָלוציע. ער פאָרט שפּעטער קיין רוים, וואו די רעוואָלוציאָנערע שטימונג האָט אים באַגייסטערט. ער פאַראייניקט זיך מיט דעם מאַרש פון די רעוואָלוציאָנערן און לאָזט הערן זיין שטימע אין די רעוואָלוציאָנערע אויסרופן. ווען עס איז געקומען די ידיעה, אַז דער קעניג פון פראַנקרייך, לואי פיליפּ, האָט געמאַכט פליטה און אז פראַנקרייך איז געוואָרן דערקלערט א רעפּובליק, פאַרלאָזט ער רוים און פאָרט צוריק קיין פּאַריז. פאַר אַן אויס־געשריי אין אַ קאַפע : „לעבן זאָל די רעפּובליק !" ווערט הערצען פאַר־דעכטיקט ביי דער פּאַריזער פּאָליציי, וואָס האָט פון אים ניט אַראָפּגעלאָזן אַן אויג. ער איז געצוואונגען צו אַנטלויפן קיין זשענעווע — דער עיר מקלט פון אַלע פּאָליטישע אימיגראַנטן אין יענער צייט.

פריער האָט דאָס אימיגראַנטן לעבן אין דער שווייץ מיט די אייביקע דיסקוסיעס וועגן דעמאָקראַטיע און סאָציאַליזם באַפרידיקט הערצענען : אבער שפּעטער, ווען ער איז געקומען צו דעם באַשלוס, אַז די רעוואָלוציע האָט ניט דערפילט די דערוואַרטונגען, אז די בורזשואַזיע הערשט אומבאַשרענקט, איז ער געוואָרן שטאַרק פאַרביטערט און האָט אָנגעשריבן זיין באַרימט ווערק : „פון דעם אַנדערן ברעג" — אַ סך הכל פונם רעוואָלוציאָנערן שטורם, וואָס האָט זיך אַריבערגעטראָגן איבער איירָאָפּע.

אין 1853 האָט הערצען געגרינדעט די פרייע רוסישע טיפּאָגראַפיע, וואו עס האָבן זיך געדרוקט די רוסישע רעוואָלוציאָנערע אויסגאַבן. אין 1885 האָט ער ארויסגעגעבן דאָס ערשטע בוך, „פּאָליאַרנאַיאַ זוויעזדאַ". אין 1857 האָט אָנגעפאַנגען צו קלינגען זיין „קאָלאָקאָל" (דער גלאָק), וואָס האָט געהאַט אַ גוואַלדיקן איינפלוס אויף די אינטעליגענטע קרייזן אין רוסלאַנד. דער „קאָלאָקאָל" האָט געצוואונגען דעם רוסישן צאַר, אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, אַרויסצוגעבן דעם מאַניפעסט פון 1861, וואו עס איז געוואָרן פּראָקלאַמירט די באַפרייאונג פון די פּויערים. וועגן דער נויטווענדיקייט פון דער פּויערים באַפרייאונג האָט הערצען געשריבן נאָך מיט צוויי יאָר פריער איידער דער „קאָלאָקאָל" האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען, אין זיין באַרימטן „בריוו צו אַלעקסאַנדער דעם צווייטן".

נאָך דעם 19טן פעברואר, 1861, ווען הערצענס אידעאַל, פאַר וואָס ער האָט געקעמפט זיין גאַנצן לעבן, איז געוואָרן פאַרווירקלעכט, האָט דער „קאָלאָקאָל“ אָנגעהויבן צו גיין צוריק, ביז ער איז אין גאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן. נאָך דעם ווי דער „קאָלאָקאָל“ האָט דערפילט זיין אויפגאַבע, איז ער געוואָרן איבעריק.

אין דעם אונטערגאַנג פונם „קאָלאָקאָל“ מאַכט מען טיילווייז שולדיק מ. באַקונינען, וועלכער האָט זינט 1861, ווען ער איז אַנטלאָפן פון סיביר איבער אַמעריקע, אָנגעהויבן דורך דעם „קאָלאָקאָל“ צו פאַרשפּרייטן זיינע אַנאַרכיסטישע און טעראָריסטישע אידייען. הערצען האָט זייער ליב געהאַט באַקונינען. ער האָט אים געליבט פאַר זיין גוטמוטיקייט און פאַר זיין ברייטער נאַטור, אָבער ער האָט קיין חשק ניט געהאַט צו ארבעטן מיט אים אינאיינעם אין „קאָלאָקאָל“. הערצען איז געווען אַ שטילער, אַ רואיקער, מער הומאַניסט, מער פילאָזאָף און קינסטלער, ווי אַ רעבעל, בעת באַקונין איז, פאַרקערט, געווען אַ שטורמדיקער, פייער־פלאַמיקער רעוואָלוציאָנער, און זיי האָבן זיך ניט געקענט אייניקן אויף אַן אלגעמיינעם פּראָגראַם.

צוזאַמען מיט דעם אונטערגאַנג פון דעם „קאָלאָקאָל“ האָט זיך אויך געענדיקט הערצענס לעבעדיקע טעטיקייט פאַר דער געגנוואַרט. אים איז נאָר געבליבן די רייכע פאַרגאַנגענהייט און ער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן זיין „בילאָיע אי דומי“.

אויף דער עלטער האָט הערצען זיך געפונען אין דער שווייץ, וואוהין עס זיינען אָנגעקומען נייע פּאָליטישע אימיגראַנטן מיט נייע אידייען און נייע שטרעמונגען. הערצענס אידייען זיינען פאַר אָט די נייע אריבערגעקומענע געווען צו אָפּגעלעבט און עס האָט זיך אנטוויקלט אַ גרויסער תהום צווישן דעם פאָטער פון דער רוסישער אינטעליגענציע און דער אינטעליגענציע גופא. זיי האָבן געקוקט אויף הערצענען און אויך אויף זיין חבר און מיטקעמפער, אגראַיעוון, ווי אויף אינוואַלידן, וועלכע פאַרשטייען ניט די נייע צייט, וועלכע זינקען נאָך צופיל אין דער אַריסטאָקראַטישער וועלט און האָבן צו ווייניק פּראָלעטאַריש בלוט און פּראָלעטאַרישן טעמפּעראַמענט.

די יונגע רעוואָלוציאָנערן האָבן געפירט אַ פאַרביטערטן קאַמף קעגן הערצענען. דער קאַמף, וואָס איז לכתחילה געווען אַ פּרינציפּיעלער, איז שפּעטער אַריבער אין אַ פּערזענלעכן, וואו הערצען איז געוואָרן באַשמוצט און באַליידיקט.

אַ קורצע צייט פאַר זיין טויט איז הערצען צוריקגעפאָרן קיין פּאַריז, וואו ער איז געשטאָרבן דעם 21טן יאַנואַר, 1870.



# פעטער קראפאטקין

## רעוואָלוציאָנער און וויסנשאַפטסמאַן

פּעטער קראָפּאָטקין, וועלכער איז געשטאָרבן צען יאָר צוריק, איז געווען אַ מערקווירדיקע, פיל־פּאַרביקע און פיל־זייטיקע פּערזענלעכקייט. ער האָט האַרמאָניש אין זיך פאַרבונדן דעם נאַטור־פאָרשער, נאַטור־פילאָזאָף, סאָציאָלאָג, אומקאָמפּראָמיסלעכן רעוואָלוציאָנער און דעם גרויסן בעל־מדות.

אין דער טעאָריע אַן אָנהענגער פון פּרודאָן, וועלכער האָט ניט געהאַלטן פון פּאָליטישן קאַמף, ווייל פון פּאָליטיק און דורך פּאָליטיק געווינט דער ארבעטער־קלאַס גאָרנישט, ווייל אין פּאָליטישע ארויסטרעטונגען פאַרגיסט ער נאָר זיין בלוט און פאַרשטאַרקט דערמיט די הערשאַפט פון זיינע שונאים: לויט דעם טעמפּעראַמענט—אַ בלאַנקיסט, (פּרודאָנס פאַרביטערטסטער קעגנער), וועלכער האָט געהאַסט די פּעדאַלע און די בירגערלעכע געזעלשאַפטן מיט זיין גאַנצן האַרצן, מיט אַלע פעדים פון זיין נשמה, און איז תמיד געווען גרייט אַרויסצוטרעטן דער ערשטער אין דער ריי, זיך מקריב זיין אין דער מלחמה, וואָס די יגיע כפּימניקעס פירן קעגן זייערע אונטערדריקער, די באַהערשטע קעגן די הערשער; לויט דער רעוואָלוציאָנערער דערציאונג — אַ רוסישער נאַראָדניק, וואָס האָט געגלויבט אין דעם יושר, אין די גייסטיקע און עטישע כחות, וואָס שלומערן אין די רוסישע פאָלקס־מאַסן, אין זייער דאָרפישן קאָמונאַלן צוזאַמענלעבן און צוזאַמענארבעט, ווי עס דריקט זיך אויס אין דער „אָבשטשינע“; לויט זיינע פייאיקייטן, חשק און התמדה און שטרעבן צו דעם ריינעם, וויסנשאפטלעכן אמת, — אַ געלערנטער מיט אַ גרויסן באַגאַזש פון ידיעות וועגן דעם לעבן אין דער נאַטור, באַ די נידעריקערע מינים און אין דער מענטשלעכער געזעלשאפט; לויט זיין באַציאונג צו מענטשן — אַן אינטערנאַציאָנאַליסט, וואָס האָט ניט

געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן איד און קריסט, צווישן איין פאָלק און אַ צווייטן פאָלק; לויט זיין עטישן און מאָראַלישן מהות — אַ גרויסער צדיק, א מכניס אורח, וועלכער, האָט געהאַלטן אָפן זיין הויז, זיך געטיילט מיט דעם לעצטן ביסן מיט אַלע געדרודפטע און פאַרפאָלגטע, מאַכט ניט אויס אין וועלכן פאָליטישן חדר זיי האָבן געלערנט, אויף וואָסער רעוואָלוציאָנערן נוסח זיי האָבן געדאַוונט, אויף וועלכן וועג זיי האָבן מאַרשירט און מיט וועלכע וואָפן זיי האָבן געקעמפט פאַר דעם גליק פון זייערע מיטמענטשן; לויט זיינע מאַנירן — אַ גייסטיקער אַריסטאָקראַט, וועלכער האָט ניט געזוכט אויסצונעמען באַ דער „גאַליאַרקע״, און איז ניט איינגעגאנגען אויף קאָמפּראָמיסן מיט זיין איבערצייגונג און מיט זיין געוויסן, אפילו ווען ער האָט צוליב דעם געקענט געניסן פון אַלע ערדישע גליקן — אָט דאָס איז געווען פּעטער קראָפּאָטקין.

געבוירן איז קראָפּאָטקין אין רוסלאנד אין אַ פאַמיליע וואָס האָט געהערט צו די העכסטע רוסישע אַדעליקע. זיינע עלטערן, ווי געוויינלעך, האָבן אים דערצויגן אין הסכם מיט די פאָדערונגען פון דער „הויף־עטיקעטע״, אים געשיקט אין אַ מיליטערישער אַקאַדעמיע מיט דער האָפענונג, אַז פון אים וועט אויסוואַקסן אַ גענעראַל אָדער אַן אַנדער הויכער טשינאָווניק. ער האָט אויך פינף יאָר געטראָגן דעם מיליטערישן מונדיר און געלעבט צווישן די סיבירער קאָזאַקן.

אַ שאַרפער מוח און אויג פון אַ נאַטור־פאָרשער און אַ וואַרעם האַרץ פאַר די האָרעפאַשנע מאַסן, פויערים און אַרבעטער, האָט ער די צייט פון זיין מיליטער־דינסט אויסגענוצט ניט פאַר מלחמה־צוועקן, נאָר פאַר פלענער, ווי אַזוי צו בויען אַ געזעלשאַפט, וואו מענטשן זאָלן קאָנען גליקלעך לעבן אין פרידן, וואו זיי זאָלן ניט אויפהויבן אַ שווערד איינע קעגן די אַנדערע, נאָר וואו אַלע זאָלן צוזאַמען אַרבעטן און צוזאַמען געניסן. אין דער אייגענער צייט האָט ער זיך דאָרטן אָפּגעגעבן צו ריין וויסנשאַפטלעכער ארבעט, איבערהויפט צו געאָגראַפישע אונטערזוכונגען און אויספאָרשונגען.

צו 25 יאָר וואַרפט ער פון זיך אַראָפּ די מיליטערישע מלבושים מיט די גאָלדענע עפּאָלעטן, וועלכע זיינען אים געווען שווער צו טראָגן אויף זיך און ער טרעט אריין אין אוניווערזיטעט מיט דעם געדאַנק זיך צו ווידמענען דער וויסנשאַפט.

ער ווערט דער סעקרעטאַר פון דער רוסישער קעניגלעכער געאָגראַפישער געזעלשאַפט.

די זעכציקער יאָרן אין רוסלאַנד האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט א שטאַרקער אינטעלעקטועלער דערוואַכונג. דער גרויסער רעאַליסטישער פּובליציסט־

קריטיקער פיסאַרעוו, דער פּאָעט ניעקראַסאָוו, די בעלעטריסטן טורגעניעוו, פּיסעמסקי, גאָנטשאַראָוו, טאָלסטאָי, וועמעס שטערן עס האָט שוין שטאַרק געלויכטן, דער עקאָנאָמיסט שעלגונאָוו און אַ גאַנצע פּלעיאַדע פון אַנדערע ריזן אויף פאַרשיידענע געביטן פון דער ליטעראַטור און וויסנשאַפט, האָבן זיך אריינגעוואָרפן — יעדער אויף זיין שטייגער — אין דער גרויסער ארבעט איבערצובויען רוסלאַנד, וואָס האָט זיך אָקאָרשט באַפרייט פון פּאַנש-טשינע, פון קנעכטשאַפט, אויף נייע, געזונטע יסודות. אויף יסודות פון סאָציאַלער גערעכטיקייט.

דאָס איז געווען דער שטורעם- און דראַנגפּעריאָד, ווען די רוסישע אינ-טעליגענציע האָט זיך דערהויבן אויף דעם העכסטן פּונקט פון איר געשיכטע. דער דעמאָלט נאָך יונגער קראָפּאָטקין שפּרינגט אריין אין דעם גרויסן גייס-טיקן שטראָם און שווימט וויטער און טיפער פון מאַנכע פון זיינע לערער און חברים. ער ווערט אַ רעוואָלוציאָנער, פאַרלאָזט רוסלאַנד, שליסט זיך אָן אָן דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט זיך אין יענער צייט געגרינ-דעט, און ער ווערט מיכאַאיל באַקונינס מיטקעמפער.

אַנהויב פון די זיבעציקער יאָרן קערט ער זיך אום צוריק אין רוסלאַנד, וואו ער גיט זיך אָפּ מיט דער אומלעגאַלער אונטערערדישער ארבעט צו גרינדן סטודענטישע און אַרבעטער-קרייזן און פאַרשפּרייטן צווישן זיי די לערע פון אַנאַרכיזם.

אין 1874 ווערט קראָפּאָטקין ארעסטירט און איינגעשפּאַרט אין פּעטראָ-פּאַוולאָווסקי — אין דער פעסטונג, וואו די מערסטע גרויסע רוסישע העל-דישע פרייהייטס-קעמפער האָבן פאַרבראַכט, ווער אַ גרעסערן, ווער אַ קלע-נערן טייל, פון זייער לעבן. צאַר אַלעקסאַנדער דער צווייטער שיקט צו אים א שליח און פרעגט אים, צי ער האָט אפשר חרטה אויף זיינע רעוואָלוציאָנערע מעשים. קראָפּאָטקין, געבראָכן אין געזונט, אָבער קרעפטיק אין גייסט, שטויסט מיט פאַראַכטונג אָפּ פון זיך דעם פאָרשטייער פון צאַר, וועמען ער האָט אפילו ניט געוואָלט אויסהערן. ער ווערט צוליב קראַנקהייט איבערגע-פירט אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל, פון וואַנען אים האָט זיך שפּעטער איינ-געגעבן צו אַנטלויפן קיין אויסלאַנד, וואו ער ווערט אַ פּאָליטישער אימי-גראַנט, א נע-ונדניק, געטריבן פון לאַנד צו לאַנד און פאַרפאָלגט פון רוסישע און אייראָפּעאישע שפּיאָנען.

ניט געקוקט אויף זיין נע-ונד גלות-לעבן, אַנטוויקלט פּעטער קראָפּאָטקין אַ ברייטע פּובליציסטישע און וויסנשאַפטלעכע טעטיקייט, וואָס ציט אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די פירער פון די ראַדיקאַלע באַוועגונגען, ווי אויך פון די אַקאַדעמישע און ליטעראַרישע קרייזן.

זיינע רעוואָלוציאָנערע אַנאַרכיסטישע אידייען פאַרשפּרייט ער דורך דער „לע רעוואָלטע", אַ צייטשריפט פון אים אליין רעדאַקטירט, בעת אלס געאָלאָג און געאָגראַף ווערט ער געשטעלט אין איין ריי מיט דעם באַרימטן עליזע רעקלו, וועמעס מיטארבעטער און מיטפּראָשער ער ווערט.

אַרויסגעטריבן פון דער שווייץ פאַר אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן וועגן סאָפיאַ פּעראָווסקאַיאַ, פאַרמשפט אין פראנקרייך אַלס אַ מיטגליד פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל צו פינף יאָר טורמע, ווערט ער שפּעטער באַפרייט אַ דאַנק דער בקשה פון פארשיידענע געלערנטע און ער באזעצט זיך סוף־כל־סוף נאָך אַ ריי פון גלגולים און וואַגלונגען אין ענגלאַנד, וואו ער האָט געפירט אַן אָרים אָבער אַ גייסטרייך לעבן, ביז עס האָט אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע, פאַר וועלכער ער האָט אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן געקעמפט דורך וואָרט און שריפט.

נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש קומט קראָפּאָטקין צוריק צו זיין געבורטס־לאַנד, וואָס האָט צו אים געוואונקען ווי דאָס אמת־פאַרשפּראָכענע לאַנד צו דעם גרויסן זיגער, וועלכער האָט פאַרבראַכט העכער פערציק יאָר — וויפיל די אידן אין דער מדבר — אויף די רעוואָלוציאָנערע שלאַכט־פעלדער.

זיין צוריקקער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד איז געווען אַן אמתער טריאומף־צוג. מען האָט אים באַגעגנט מיט תופים ובמחולות, אַט אַזוי ווי אַ באַפרייט פון שקלאַפעריי פאָלק באַגעגנט א גרויסן פעלד־מאַרשאַל, וועלכער איז געשטאַנען די גאַנצע צייט אויף די געפערלעכסטע פּאָזיציעס און אים געפירט צום זיג.

מען האָט אים געגעבן אַלערליי כיבודים, מען האָט אים פאָרגעלייגט צו ווערן דער קאָמיסאַר פון בילדונג און פאַרשיידענע אַנדערע הויכע פאַראַנטוואָרטלעכע אַמטן, וואָס האָבן צו טאָן מיט דעם גייסטיקן איבערבוי פון פאָלק און עקאָנאָמישן אויפבוי פון לאַנד.

צום באַדויערן האָט דער אַלטער רעוואָלוציאָנער — אַ נ אַ ר כ י ס ט — זיך ניט געקאָנט אייניקן מיט די יונגע רעוואָלוציאָנערע ס אָ צ י א ל י ס ־ ט י ש ע פירער פון דעם ניי־געבוירענעם ראַטן־פאַרבאַנד, ווי אַזוי דורכצופירן אָט דעם איבערבוי און אויפבוי.

דער אומקאָמפּראָמיסלעכער פעטער קראָפּאָטקין, דער פאַרקעמפער פאַר אַ דעצענטראַליזירטן שטאַט, וואָס זאָל זיין צוזאַמענגעשטעלט פון פרייע, אויטאָנאָמע, קליינע אומאָפּהענגיקע קאָמונעס, האָט פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט געבן זיין הסכמה צו דער צענטראַליזירטער רעגירונג פון סאָוועט־רוסלאַנד, צו דער דיקטאַטור פון די ארבעטער און פויערים, וועלכע האָבן געמאַכט

די רעוואָלוציע אויף ז י י ע ר שטייגער און האָבן געוואָלט, אַז דער נייער געזעלשאַפטלעכער בנין זאָל דורכגעפירט ווערן לויט זייער פּלאַן און לויט זייער אַרכיטעקטור.

דאָ האָט זיך איבערגעחזרט די גרויסע אַלוועלטלעכע טראַגעדיע, די טראַגעדיע פון משה רבינו, וועלכער האָט באַפרייט די אידן פון מצרים, זיי געפירט דורך דעם מדבר פערציק יאָר נאָכאַנאַנד, האָט אָבער ניט זוכה געווען אריינצופירן זיי אין דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד. גלייך ווי עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַוויזן די שפּיצן בערג פון דעם נייעם לאַנד, איז ער געשטאָרבן.

פּעטער קראָפּאָטקין, ווי אַ סך אַנדערע גרויסע גענעראַלן און פירער פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, האָבן געהאַט משה רבינוס גורל. זיי האָבן געפירט און געפירט זייערע רעגימענטן, אָבער זיי ניט דערפירט ביזן ענדלעכן ציל.

פּעטער קראָפּאָטקין איז געשטאָרבן דעם 8טן פעברואר 1921 אַן אומצופרידענער מיט סאָוועט־רוסלאַנד, אין וועלכער ער האָט ניט געזען די פאַרווירקלעכונג פון זיין אידעאַל — צו האָבן אַ דעצענטראַליזריטע אַנאַרכיסטישע אינדיווידואַליזירטע אָבער ניט א צענטראַליזירטע, קאָלעקטיוויזירטע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט.

קראָפּאָטקין האָט אָנגעשריבן פיל וויכטיקע ביכער. זיין „געשיכטע פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע" איז דאָס בעסטע ווערק, וואָס עס איז פאַראַן אויף דעם געביט. זיין „קעגנזייטיקע הילף" איז אַ גרויסער וויסנשאַפטלעכער ביייטראַג צו דער דאַרוויניסטישער טעאָריע, הויפּטזעכלעך צו דעם געזעץ פון „קאַמף פאַר עקזיסטענץ" אין דער נאַטור און אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. ער באַווייזט דאָרטן, ווי אַזוי די געזעלשאפטלעכקייט, די קעגנזייטיקע הילף, דאָס צוזאַמענלעבן און צוזאַמענאַרבעטן זיינען וויכטיק פאַר דער עקזיסטענץ פון פאַרשיידענע מינים און דער עיקר פאַר דער אַנטוויקלונג פון דעם מין מענטש.



# נ. וו. פלעכאַנאָוו
## דער רבי פון דער רוסישער רעוואָלוציע

די געשיכטע איז גאַנץ אָפט אומדאַנקבאַר צו אירע העלדן. ניט זעלטן פאַלן די יעניקע, וועלכע האָבן זיך איינגע־שפּאַנט אין יאָך, אום איר צו פירן פאָרווערטס, אויפן וועג, יאָ, אפילו נאָענט פון דעם ציל, צו וועלכן זי שטרעבט און אויף דעם חלק פון אַנדערע קומט אויס אריינצוקומען אלס העלדן דורכן טויער פון דער באַזיגטער שטאָט מיט דעם טריאומף־צייכן אין האַנט.

עס איז געוויס א גרויסע טראַגעדיע, ווען די, וועלכע בויען הייזער, וואוינען ניט אין זיי און די, וועלכע אַקערן, זייען און שניידן, געניסן ניט פון די אַראָפּגעפירטע גאַרבן. אַזוי אָבער האַנדלט די געשיכטע און גיי שרייַ: חי וקים!

משה רבינו האָט אַרויסגעפירט די אידן פון מצרים, האָט פאַר זיי געשפּאָלטן דעם ים, האָט דורכגעמאַכט דעם גרויסן, שווערן וועג פונעם מדבר, וואו ער האָט געהאַט אויסצושטיין אַלערליי צרות פון די דתן און אַבירמס, פון די קרחס און טאַקע פון דעם פאָלק גופא, וואָס האָט אַלע ווײַלע זיך פאַרבענקט נאָך דעם „טאָפּ פלייש", וואָס עס האָט איבערגעלאָזן אין מצרים און ווען דער ציל איז שוין געווען נאָענט, ווען עס האָבן זיך שוין אָנגעהויבן צו ווייזן די בערג־שפּיצן פון דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד, איז ער אָוועקגעשטאָרבן און זיין תלמיד, יהושע בן נון, האָט זיי אריינגעפירט אין ארץ־ישראל.

משה רבינוס גורל האָבן געטיילט אַלע גרויסע וועגווייזער און פירער פון די מענטשן־קינדער, אַלע פאָרקעמפער פו נייע רעליגיעס און אַלע ענט־דעקער פון וויסנשאַפטלעכע טעאָריעס: יעזוס קריסטוס, דזשיאָרדאַנא ברונאָ, גאַליליי, טאָמאָס מור און אַ סך אַ סך אַנדערע.

די אַנטוויקלונגס־לערע, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע איבערקערע־ניש אין אַלע צווייגן פונם מענטשלעכן וויסן, איז געוואָרן אַנטפּלעקט פון אַ פראַנצויז לאַ־מאַרק און באַוואוסט איז זי אונטערן „דאַרוויניזם״ — נאָכן נאָמען פון דעם ענגלענדער דאַרווין, וועלכער האָט איר בלויז פאַרפולקאָמט און דערגאַנצט.

צווישן אַט־די פּיאָנערן אין דער מענטשלעכער געשיכטע, וועלכע האָבן ניט זוכה געווען צו זען זייערע אידעאַלן פאַרווירקלעכט און זיינען געבליבן טויט אויפן וועג פון דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד, פאַרנעמט ניט קיין קליינעם פּלאַץ דער פאָטער פון דער רוסישער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג, ג. וו. פּלעכאַנאָוו, וואָס איז געשטאָרבן מיט צען יאָר צוריק אין פינלאַנד, ניט ווייט פון דעם לאַנד, פאַר וועמען ער האָט זיין גאַנצן לעבן געקעמפט דורך וואָרט און שריפט.

די פירער פון דער רוסישער רעוואָלוציע, אָנפאַנגענדיק מיט לענינען און טראָצקין און ענדיקנדיק מיט דעם אינגערן דור — אַלע האָבן געלערנט באַ פּלעכאַנאָוון.

לענין פלעגט שטענדיק דערמאָנען זיינע אָנהענגער, זיי זאָלן לערנען און שטודירן פּלעכאַנאָווס ווערק. „אַז מען קען ניט פּלעכאַנאָוון, קען מען ניט זיין קיין באַוואוסטזיניקער קאָמוניסט״ — האָט מען גאַנץ אָפט געהערט פון לענינען.

דאָס איז אויך ריכטיק.

פּלעכאַנאָוו איז געווען דער רבי פון די אַ ל ע רוסישע סאָציאַליסטן (אריינגערעכנט אויך די קאָמוניסטן). איבער פערציק יאָר איז פּלעכאַנאָוו געשטאַנען מיטן טייטל אין האַנט און האָט מסביר געווען, דערקלערט און געוויזן דעם וועג, ווי אַזוי די רוסישע רעוואָלוציע וועט גיין.

שוין אין יאָר 1889 האָט פּלעכאַנאָוו דערקלערט אויפן אינטערנאַציאָנאַלן סאָציאַליסטישן קאָנגרעס אין פּאַריז, וואוהין ער איז צום ערשטן מאָל געשיקט געוואָרן פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע ארבעטער: „די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין רוסלאַנד קען נאָר זיגן אַלס רעוואָלוציאָנערע א ר ב ע ט ע ר־באַוועגונג. קיין אַנדער אויסוועג איז ניטאָ און עס קען ניט זיין״.

די פּאַסירונגען זינט דער צאַריזם איז געפאַלן, האָבן באַשטעטיקט פּלעכאַנאָווס פּאָראויסזאָג. קיין אַנדער קלאַס איז ניט געווען אימשטאַנד איבערצונעמען די מאַכט, אַ חוץ די אַרבעטער און די פּויערים — ניט די אינדוסטריעלע, ניט די קליינבירגער, נאָר די האָרעפּאַשניקעס.

ווען פּלעכאַנאָוו איז נאָך געווען אַ יונגער רעוואָלוציאָנער, אין זיינע סטודענטן־יאָרן, האָט ער געפירט א שטאַרקע פּאָלעמיק מיט זיינע חברים פון „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ“, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז דורך טעראָר וועט מען אין רוסלאַנד זיך דערשלאָגן פּאָליטישע פרייהייט. ער האָט שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז מיט דעם, וואָס מען וועט טויטן דעם אָדער יענעם הויכן טשינאָווניק און אפילו דעם צאַר גופא, וועט די לאַגע ניט ווערן געענדערט.

„דער איינציקער מיטל צו לייזן די פּאָליטישע און עקאָנאָמישע סתירות אין היינטיקן רוסלאַנד, איז צו גרינדן וואָס שנעלער אַן ארבעטער־פּארטיי״, — אַזוי האָט געשריבן פּלעכאַנאָוו, ווען ארבעטער זיינען געווען אזוי ווייניק, דאָס זיי האָבן זיך נאָך אפילו ניט אָנגעזען און קיינער האָט אפילו ניט געקענט גלויבן, אַז די ארבעטער וועלן בילדן אַ מאַכט אין רוסלאַנד.

איינע פון די שענסטע בלעטער אין דער רוסישער זשורנאַליסטיק איז פּלעכאַנאָווס פּאָלעמיק מיט די נאַראָדניקעס און מיט דעם באַוואוסטן קריטי־קער־פּובליציסט נ. ק. מיכאַילאָווסקי. מיכאַילאָווסקי, דער אָנגעזעענסטער רוסישער שריפטשטעלער פון די אַכציקער און ניינציקער יאָרן, האָט ניט געקענט בייקומען די פּאָלעמישע פיילן, וואָס דער דעמאָלט נאָך אומבאַ־וואוסטער יונגער אימיגראַנט פּלעכאַנאָוו, וועלכער האָט געשריבן אונטער פאַרשיידענע פּסעוודאָנימען, האָט אין אים געוואָרפן.

ג. וו. פּלעכאַנאָוו איז געווען דער גלענצנדסטער מאַרקסיסטישער שריפט־שטעלער, וואָס די ארבעטער־באַוועגונג האָט אַרויסגעבראַכט. ער איז געווען אַ גרויסער למדן אין סאָציאָלאָגיע, פילאָזאָפיע, פּאָליטישער עקאָנאָמיע און ביאָלאָגיע. א חוץ דעם האָט ער געהאַט א גרויסן טאַלאַנט אלס וויסנשאַפט־לעכער פּובליציסט, איבערהויפּט, ווען ער האָט געפירט מיט עמיצן א ויכוח איבער טעאָרעטישע און פּראַקטישע פראַגן פון דער באַוועגונג.

פּלעכאַנאָוו איז געשטאַנען אויף דער וואַך און האָט אויפגעפּאַסט, עס זאָל זיך ניט ארייננמישן קיין פּסולת אין דער מאַרקסיסטישער פילאָזאָפיע. ער האָט מיט גרויס בקיאות און חריפות געקעמפט און צום סוף באַקעמפט דעם רעוויזיאָניזם. ער האָט מיט זיין שניידענדיקער, אומברחמנותדיקער פען פאַר־טיליקט פּעטער סטרואווע און זיינע חברים, ווען זיי האָבן זיך דערלויבט צו קריטיקירן די מאַרקסיסטישע וועלט־אנשויאונג. ער האָט אויך ניט געשאָ־נעוועט דעם ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענעם רוסישן עקאָנאָמיסט און פילאָזאָף א. באָגדאַנאָוו (דער אמתער נאָמען זיינער איז געווען מאַלינאָווסקי), וועלכער האָט זיך מקריב געווען אויפן מזבח פון דער וויסנשאַפט און זיין חבר און פריינט, דער איצטיקער בילדונגס־קאָמיסאַר אין סאָוועט־רוסלאַנד, לונאַ־טשאַרסקי, ווען זיי האָבן געוואָלט צוזאַמענמישן די פילאָזאָפיע פון מאַך און

אַווענאַריוס (דעם עמפּיריאָקריטיציזם) מיט דער פילאָזאָפיע פון מארקס און ענגעלס.

וואו נאָר פּלעכאַנאָוו איז ארויסגעטראָטן מיט זיין פען, איז ער אַלע מאָל אַרויס דער זיגער.

פּלעכאַנאָווס ארבעטן: סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם; דער מאָניסטישער בליק אויף געשיכטע, ראַדגערטוס־יאַקעצאָוו זיינען נאָך עד היום די בעסטע ווערק אויף דעם פעלד.

פּלעכאַנאָוו איז ניט נאָר געווען א סאָציאָלאָג און אַ פילאָזאָף, ער איז ניט נאָר געווען אַ שריפטשטעלער פון גאָטס גנאָדן. ער איז געווען א ט ו ע ר, אַ כלל־ארבעטער. ער פלעגט זיך ניט באַנוגענען בלויז מיטן שרייבן און ריידן. ער איז געווען א גרויסער מענטש און דאָס הייסט א ק ע מ פ ע ר זיין. ער פלעגט פאַרקאַטשען די אַרבל און טאָן אַלערליי פּאַרטיי־אַרבעט און פלעגט קיין מורא ניט האָבן, טאָמער וועט אים אויס־קומען צוליב דעם ארונטערצונידערן פון זיין וויסנשאַפטלעכער און ליטעראַ־רישער הויך.

ג. וו. פּלעכאַנאָוו איז איבערהויפּט געווען אַ מענטש, וואָס פלעגט שטיין אין פראָנט, ניט געקוקט, וואָס מען פלעגט וואַרפן אין אים אלערליי געוועהר. ער האָט געקעמפט פאַר דעם, אין וואָס ער האָט געגלויבט און האָט גע־גלויבט אין דעם, פאַר וואָס ער האָט געקעמפט.

אין 1884 האָט פּלעכאַנאָוו צוזאַמען מיט פּאַול אַקסעלראָד, ליעוו דייטש און ווערא זאַסוליטש געגרינדעט די גרופּע „אָסוואָבאָזשדיעניע טרודאָ" (די באַפרייאונג פון ארבעט), וואָס איז שפּעטער געוואָרן די שולע, וואו אלע רוסישע רעוואָלוציאָנערן, אריינגערעכנט אויך לענינען, האָבן זיך אויסגעהאָ־דעוועט.

ווי אַלע רוסישע פירנדיקע גייסטער, האָט זיך פּלעכאַנאָוו ניט באַנוגנט מיט געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. ער איז געווען א גרויסער ליטעראַטור־קענער. זיינע אָפּהאַנדלונגען איבער העןריק היבסען און א סך אַנדערע אַלגעמיינע און רוסישע קינסטלער, צייכענען זיך אויס מיטן טיפן אַנאַליז פון די נשמה־באַוועגונגען און גרויס מבינות אין די אינערלעכע מענטשלעכע איבערהעבונגען.

אויף דעם פּלאַץ (קאַזאַנסקאַיאַ פּלאָשטשאַד) אין לענינגראַד, וואו פּלע־כאַנאָוו האָט אַמאָל, אַלס סטודענט, געהאַלטן זיין ערשטע רעוואָלוציאָנערע רעדע, ווערט איצט לכבוד אים אויפגעשטעלט אַ גרויסער מאָנומענט, ניט געקוקט, וואָס ער איז געווען זייער שטאַרק אומצופרידן מיט דעם באָלשע־וויזם און דער באָלשעוויזם איז געווען אומצופרידן מיט אים.

דורות שפּעטער, ווען מען וועט זיין בכח צו אורטיילן איבער מענטשן און מעשים אָביעקטיוו, אָן שום פּאַרטייאישקייט, וועט מען אויסגעפינען, אַז צווישן פּלעכאַנאָוון און דער רוסישער רעוואָלוציע האָט ניט געטאָרט זיין קיין תהום, און אַז די געשיכטע האָט געטאָן גרויס אומרעכט אי צו דער רעוואָ־לוציע, אי צו פּלעכאַנאָוון דערמיט, וואָס זי האָט אים געשטעלט מחוץ למחנה אין די לעצטע פּאָר יאָר פון זיין פרוכטבאַרן לעבן.



# לואי אויגוסט בלאַנקי

## דער פאָטער פון רעוואָלוצי־אָנערן קאָמוניזם

עס איז איצט געוואָרן פופציק יאָר זינט עס איז געשטאָרבן דער פראַנצויזישער שריפטשטעלער, אַגיטאַטאָר, פּראָפּאַגאַנדיסט, מאַרטירער און פאָרקעמפער לואי אויגוסט בלאַנקי.

אויגוסט בלאַנקי איז געווען א מערקווירדיקע פערזענלעכקייט. ער איז געווען דער גרעסטער רעוואָלוציאָנער פון פראַנקרייך פון יאָרהונדערט. א העלפט פון זיין לעבן האָט ער פאַרבראַכט אין די טורמעס. די פאַרשידענע רעגירונגען, וועלכע האָבן זיך געביטן אין פראַנקרייך, די יולי מאָנאַרכיע פון לואי פיליפּ, די צווייטע רעפובליק און די אימפּעריע פון נאַפּאָלעאָן דעם דריטן און שפּעטער די ווערסאַילער רעגירונג נאָך דעם זיג פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע איבער דער פּאַריזער קאָמונע, האָבן אים געהאַלטן פאַר זייער געפערלעכסטן שונא און האָבן געזוכט פון אים פּטור צו ווערן. צוויי מאָל איז ער געווען פאַרמשפּט צום טויט, דריי מאָל איז ער פאַרוואונדעט געוואָרן אויף די באַריקאַדן, אָבער אָט די אַלע קלעפּ, פאַרפאָלגונגען און משפטים האָבן ניט געבראָכן בלאַנקיס רעוואָלוציאָנערן גייסט. די רעוואָלוציאָנערע אַטמאָספערע איז געווען די לופט, וועלכע ער האָט געאָטעמט, די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג איז געווען די סביבה וואו ער האָט געלעבט. קאַמף און טורמע — אָט מיט די צוויי ווערטער קאָן מען כאַראַקטעריזירן בלאַנקיס לעבן, ער איז געווען דער סימבאָל, די פאַרקערפּערונג פון רעוואָלוציאָנערישקייט, פון פּראָטעסט, פון אויפשטאַנד.

אין זיין פּריוואַטן לעבן איז לואי אויגוסט בלאַנקי געווען א נזיר, אַן אַסקעט, פאַר וועמען עס האָבן ניט עקזיסטירט קיין תענוגי עולם הזה. צוועלף יאָר נאָכאַנאַנד האָט ער געטראָגן איינע און דיזעלביקע טורמע קליי־

דער, בלויז זיינע שיך און זיינע הענטשקעס פלעגט ער פון צייט צו צייט איבערבייטן. אין טורמע — זיין אפטע „דירה" — האט ער איינמאל אכט חדשים נאכאנאנד זיך געשפייזט מיט ברויט און רויע קארטאפל. פון אנדערע עסנוואַרג האט ער זיך אפגעזאגט. קיינער האט אים ניט געקאנט איבער־ריידן, ער זאל ענדערן זיין הארטן אסקעטישן לעבן, א חוץ זיין מוטער, וואס פלעגט ווען ניט ווען פועלן בא אים, ער זאל אמאל נעמען א שטיקל פלייש. ער האט דאס אויך געטאן ניט פון זיין אייגענער הנאה וועגן, נאר ווייל ער האט ניט געוואלט אנטאן קיין פארדרוס זיין מוטער, וועמען ער האט שטארק געליבט און צו וועלכער ער האט געפילט גרויס דרך ארץ.

אן אגיטאטאר אין ווארט און שריפט, וועלכער האט גערעדט און גע־שריבן מיט גרויס ליידנשאפט און מיט א שטארקער איבערצייגונגס־קראפט, האט אויגוסט בלאנקי קיינמאל זיך ניט ארונטערגעלאזן צו דער „גאליארקע" און האט קיינמאל ניט געזוכט קיין ביליקע עפעקטן כדי אויסצונעמען באם עולם. ער איז בטבע געווען א גרויסער מפונק, א גייסטיקער אריסטאקראט און האט פיינט געהאט חניפה, רכילות. דעמאגאגישע מיטלען זיינען אים געווען דערווידער און ער האט זיך מיט זיי קיינמאל ניט באנוצט.

דורך בלאנקין האט ארויסגעשריגן דער וויטאק פון דעם פראנצויזישן דלות. אין זיינע רעדעס און שריפטן האט זיך אויסגעגאסן די זינט דורות אנגעזאמלטע ביטערניש און גאל. די גאליקייט האט זיך געפילט אין זיין רעדן און אין זיין גאנצער טעטיקייט.

וויקטאר הוגא זאגט אויף אויגוסט בלאנקי: „ער איז געווען א גע־לערנטער... צייטנווייז האט זיך געדוכט, אז בלאנקי האט אויפגעהערט צו זיין א מענטש, אז ער איז געווען א פארצאגטע, פאראומערטע, שטענדיק פראטעסטירענדיקע געשטאלט, אין וועלכער עס האט זיך פארקערפערט דער גאנצער עלנד, וואס האט זיך צונויפגעזאמלט בא די מענטשן־קינדער פון יארן און יארן".

א געוויסע ענלעכקייט צו אויגוסט בלאנקיס כאראקטער און רעוואלו־ציאנערער טעטיקייט איז פאראן אין ניקאלאי לענין. בלאנקי איז פאקטיש געווען דער פראטאטיפ, דער פארגעגנגער פון ניקאלאי לענין און לענין איז געווען דער רעוואלוציאנערער יורש פון אויגוסט בלאנקי. ביידע, סיי בלאנקי און סיי לענין, האבן קיין אנדער זאך ניט געוואוסט ווי רעוואלוציע. די רעוואלוציע איז געווארן זייער לעבנס־אידעאל פון דער פריסטער יוגנט און צו איר זיינען זיי געבליבן געטריי ביז זיי האבן אויסגעהויכט זייער לעצטן אטעם. אן איבערקערעניש אין די עקזיסטירנדיקע עקאנאמישע און פאלי־טישע באציאונגען צווישן מענטשן איז בא זיי געווארן דער גאט, צו וועלכן

זיי האָבן געדינט מיט לייב און לעבן. די ארבעט צו פאַרשפּרייטן רעוואָלו־ציאָנערע געדאַנקען איז בא זיי געווען א הייליקע ארבעט, אַן עבודת הקודש, וואָס זיי האָבן קיינמאָל ניט פאַרשוועכט. זיי האָבן קיינמאָל ניט עובר געווען אפילו אויף א האָר די מצוה פון רעוואָלוציע.

נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש איז דער אינטערעס צו לענינס פאָרבילד, לואי אויגוסט בלאַנקי, געוואָרן זייער גרויס. איבערהויפּט איצט צום זעכציק־יאָריקן יובילעאום פון דער פאַריזער קאָמונע, וואו דער בלאַנקיזם איז געווען די הויפּט ריכטונג און בלאַנקי אליין דער הויפּט לערער און באגייסטערער.

אין 1824, ווען ער איז אַלט געווען ניינצן יאָר איז בלאַנקי שוין געווען א פירער אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן פון דער שטודירנדיקער יוגנט אין פאַריז. פאַר זיין אָנטייל אין דעמאָנסטראציעס און אין די באַריקאַדן־קאַמפן איז ער אין 1829 צום ערשטן מאָל פאַרשפּאַרט געוואָרן אין טורמע, וואו ער איז אָפּגעזעסן א לאַנגע צייט.

אין 1830, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די יולי רעוואָלוציע, געפינען מיר אים ווידער אויף די באַריקאַדן, וואו ער איז געשטאַנען אויף די גע־פערליכסטע פּאָזיציעס און געקעמפט פאַר א רעפּובליק קעגן דער מאָנאַרכיע. אין 1832 האָט מען אים פארמשפּט אַ צווייטן מאָל אָפּצוזיצן א יאָר אין טורמע. ווען ער איז ארויס פון טורמע, איז ער צוגעשטאַנען צו דעם אלטן רעוואָלוציאָנער בואנאראטי, א חבר און א מיטקעמפער פון באביעף. בואנא־ראָטי האָט בלאַנקין געמאכט פאַר אַן איבערצייגטן קאָמוניסט. אין 1835 איז בלאַנקי שוין געוואָרן אַן אָנגעזעענער פירער און טאָן־געבער. אין 1836 ווערט ער פאַראורטיילט צו דריי יאָר געפענגניש. אין 1837 האָט מען אים באַ־גנאַדיקט און פאַרלייכטערט זיין שטראָף. אין דעם זעלבן יאָר איז ער געוואָרן דער פירנדיקער גייסט אין דער רעוואָלוציאָנערער געזעלשאפט „איירסעזאָנען“, וואָס האָט צוגעגרייט אַן אויפשטאַנד. דעם 12טן מאַי 1839 האָט דער אויפשטאַנד אויסגעבראָכן, אָבער ער איז גלייך געוואָרן אונטער־דריקט. די פאַריזער מאַסן זיינען ניט צוגעשטאַנען צו דעם רעוואָלוציאָ־נערן שטורם באַטאַליאָן, אָנגעפירט פון ל. א. בלאנקי.

אין 1840 ווערט אויגוסט בלאַנקי פארמשפּט צום טויט. ער ווערט שפּעטער באַגנאַדיקט און זיין טויט־אורטייל ווערט פאַרביטן אויף לעבנס־לענגליכער געפענגניש. מען פאַרשיקט אים צו זיצן אויף אַן אינזל אין אַטלאַנטישן אָקעאַן. פיר שרעקליכע יאָרן האָט בלאַנקי אָפּגעחושכט דאָרטן. זיין געזונט איז געוואָרן אינגאנצן אונטערגעגראָבן. ער איז שיער ניט פאַרמוטשעט געוואָרן ביזן טויט. שפּעטער האָט מען אים אריבערגעפירט

אין אַ פּאַריזער טורמע, וואו ער איז געזעסן ביז 1848, ווען די אויסגע־בראָכענע פעברואר רעוואָלוציע האָט אים באַפרייט.

אין פראנקרייך איז דעמאָלט געווען באַוואוסט א רעפּובליקאנישע צענטראַל־געזעלשאַפט: „קלוב בלאַנקי". דער דאָזיקער קלוב איז געווען דער מיטלפּונקט פון דער רעוואָלוציאָנערער אַגיטאַציע און בלאנקי אליין האָט געדינט אלס א ביישפּיל פאר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. דער בלאַנקי קלוב האָט פאַרשפּרייט די טעאָריע, אַז די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט איז א נויטווענדיקייט אין דער איבערגאַנגס־צייט, ביז וואַנען עס וועט ווערן אָפּגעשאַפט די קלאַסן־געזעלשאַפט און איינגעפירט דער סאָציאַליזם. דאָס איז די זעלביקע קאָמוניסטישע טעאָריע, אָן וועלכער עס האַלטן זיך די איצ־טיקע פירער פון סאָוועטן־פאַרבאַנד און פונם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל.

וועגן יענער רעוואָלוציאָנערער צייט אין פראנקרייך, וואו אויגוסט בלאַנקי איז געווען די צענטראַלע פיגור, שרייבט קארל מארקס: „דער פּראָלעטאַריאַט גרופּירט זיך אלץ מער ארום דעם רעוואָלוציאָנערן סאָציא־ליזם, ארום דעם קאָמוניזם, וואָס די בורזשואזיע אליין רופט אָן מיטן נאָמען „בלאַנקי". אָט דער סאָציאַליזם איז דאָס שטענדיקע, פּערמאַנענטע שטרעבן פון דער רעוואָלוציע. די קלאַסן־דיקטאַטור פון דער רעוואָלוציע. די קלאַסן־דיקטאַטור פון די הערשנדיקע עקאָנאָמישע און סאָציאַלע באַציאונגען און פון די אידעען, וועלכע זיינען אין הסכם מיט זיי".

לאַנג איז לואי אויגוסט בלאנקין ניט געווען באַשערט צו געניסן פון דער פרייהייט. ער האָט גענומען אַן אַנטייל אין אַ גרויסער דעמאָנסטראציע קעגן דער דאמאָלסדיקער בירגערלעכער רעגירונג אין פראנקרייך און ווערט ווידער אַרעסטירט. אין דער דעמאָנסטראציע האָט בלאנקי זיך באַטייליקט קעגן זיין ווילן. ער האָט געהאַלטן, אז דער פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט איז נאָך ניט רייף און ניט קרעפטיק גענוג ארונטערצוואַרפן די בורזשואזע רעגירונג און איבערנעמען די מאַכט. זיין פלאַם־פייערדיקער רעוואָלוציאָ־נערער טעמפּעראַמענט האָט אים אָבער ניט געלאָזט רוען און שטיין פון וויטן, בשעת אַנדערע גייען ארויס אין אַן אַקטיוון קאַמף מיט דעם צוועק פאַנאַנדערצוטרייבן די דעמאָלט פונקציאָנירענדיקע נאַציאָנאלע פאַרזאַמלונג. אין די גרויסע קאַמפן, וואָס האָבן זיך אין מאַנאַט יוני, 1848, אָפּגעשפּילט אויף די פּאַריזער גאַסן, האָט בלאַנקי קיין אַנטייל שוין ניט געקאָנט נעמען. ער איז דעמאָלט שוין געזעסן אין טורמע הינטער די אייזערנע גראַטעס.

אין אפּריל 1849 ווערט בלאַנקי אָנגעקלאָגט אין הויכפאַרראַט, ווערט געמשפּט און פאַרמשפּט צו צען יאָר טורמע. צען יאָר נאָכאַנאַנד האָט מען אים געשלעפּט פון איין טורמע אין א צווייטער און נאָך דעם, ווי ער איז

שוין אָפּגעזעסן זיין טערמין, האָט מען אים פאַרשיקט קיין אפריקע. ערשט אין אויגוסט 1859 האָט ער צוריק געזען די פרייהייט. ער פאָרט אריבער קיין לאָנדאָן, וואו עס האָבן זיך דעמאָלט געפונען א סך רעוואָלוציאָנערן פון פאַרשידענע לענדער.

פון לאָנדאָן קערט ער זיך צוריק אומלעגאַל קיין פראנקרייך, וואו ער פירט אָן אַן אונטערערדישע רעוואָלוציאָנערע אַגיטאַציע קעגן לואי באָנאָפּארט (נאַפּאָלעאָן דעם דריטן). ער גרינדעט געהיים דרוקערייען, שרייבט רעוואָלוציאָנערע בראָשורן און מאַכט אלערליי רעוואָלוציאָנערע פאַרבינדונגען. אויף א לויה פון אַ רעוואָלוציאָנער פון די „אַכט און פערציקער" ווערט ער פאַראַטן, אַרעסטירט און פאַרמשפּט צו נייע פיר יאָר טורמע. אין טורמע ארבעט ער אויס די טעאָריע און פּראַקטיקע פון זיין רעוואָלוציאָנערער פּארטיי און ווען אין 1865 האָט זיך אים איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון גרויען קאַזעמאַט האָט ער אנטוויקלט א ברייטע אומלעגאַלע פּארטיי ארבעט.

אין יענער צייט זיינען ביי א טייל פון די רעוואָלוציאָנערן געווען פּאָפּולער די פּרודאָניסטישע אידעען.

פּרודאָן, איינער פון די פּאָטערס פון אנארכיזם (געבוירן 1809, געשטאָרבן 1865) האָט ארויסגעזאָגט די באַרימט געוואָרענע ווערטער: פּריוואט אייגנטום איז גנבה. ער און שפּעטער זיינע תלמידים האָבן ניט געהאַלטן פון פּאָליטישן קאַמף. זיי האָבן געטענהט, אז דורך א פּאָליטישן קאַמף קאָנען די ארבעטער ווייניק וואָס געווינען, והא ראיה, די אלע פּאָליטישע רעוואָלוציעס און אויפשטאַנדן וואָס זיינען פּאַרגעקומען אין פראַנקרייך האָבן דעם פּראָלעטאַריאַט כמעט ווי גאָרנישט ניט געגעבן. די פּאָליטיק — זיינען די פּרודאָניסטן געווען איבערצייגט — איז נאָר א מיטל פאַר דער בורזשואזיע צו פאַרגרעסערן איר הערשאַפט און די ארבעטער זיינען לחלוטין ניט מחויב צו פאַרגיסן זייער בלוט פאַר איר. די אויפגאַבע פון די ארבעטער איז ניט צו שאַפן א נייע פּ אָ ל י ט י ש ע אָרדנונג, נאָר א נייע ע ק אָ נ אָ מ י ש ע אָרדנונג. צו דעם לאָזונג (אישו): „א פראנצויזישע רעפּובליק" האָבן זיך די פּרודאָניסטן פאַרהאַלטן גאַנץ קאַלט. פאַר זיי זיינען דער עיקר געווען ע ק אָ נ אָ מ י ש ע ענדערונגען אין דעם געזעלשאַפטלעכן בנין. זיי האָבן געקוקט אויף א רעפּובליקאנישער רעגירונג נאָר פון איין שטאַנדפּונקט, אויף ווי ווייט דאָס קאָן דערנענטערן די עקאָנאָמישע גלייכקייט.

בלאַנקי האָט געפירט א שאַרפע פּאָלעמיק מיט די פּרודאָניסטן. ער האָט פאַרקערט, געהאלטן מער פון פּאָליטישן קאַמף ווי פון עקאָנאָמישע ארויסטרעטונגען. זיין ציל איז געווען צו פאַרכאַפּן די פּ אָ ל י ט י ש ע מאַכט. און פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאכט — האָט בלאַנקי געהאַלטן —

קאָן מען דורך א באַגייסטערטער רעוואָלוציאָנערער ארמיי, וועלכע זאָל שטיין אויף דער וואַך פון די סאָציאַלע און פּאָליטישע געשעהענישן און אויסנוצן דעם מאָמענט פון א רעוואָלוציאָנערער שטימונג אין לאַנד. אין געגנזאַץ צו די פּרודאָניסטן איז בלאַנקי געווען איבערצייגט, אַז קיינע עקאָנאָמישע ענדערונגען וועלן קיין ממשות ניט האָבן כל זמן דער ארבעטער קלאַס וועט ניט זיין דער באַלעבאַס פון שטאַט, כל זמן עס וועט ניט ווערן איינגעפירט די דיקטאַטור פונם פּראָלעטאריאַט. דער סאָציאַליזם איז בא בלאַנקין געווען דער ציל. דער מיטל צום ציל — די דיקטאַטור פונם ארבעטער־קלאַס דורכן פאַרכאַפּן די פּאָליטישע מאַכט.

צווישן די בלאַנקיסטן און פּרודאָניסטן איז פאָרגעקומען א שאַרפער, א ליידנשאַפטלעכער קאַמף. די צוויי רעוואָלוציאָנערע לאַגערן האָבן זיך איינער דעם אנדערן ניט געשאָנעוועט. בלאַנקי האָט געהאַט א גרעסערע צאָל אָנהענגער אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

בלאַנקי איז געווען שטאַרק פאַרביטערט קעגן די פּרודאָניסטן און דאָס איז אויך געווען די אורזאַך, פאַרוואָס ניט ער אליין און ניט זיינע תלמידים זיינען צוגעשטאַנען צו דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס עס האָט זיך דעמאָלט געגרינדעט. „מיר טאָרן זיך ניט אָנשליסן אָן אַן אָרגאַניזאציע — האָט בלאַנקי געזאָגט — וואָס פאַרשליסט ניט אירע טירן פאר די פּרודאָניסטן...״

אין זיין רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאציע האָט בלאַנקי איינגעפירט א שטאַרקע, כמעט מיליטערישע דיסציפּלין. זי איז געווען איינגעטיילט אין גרופּעס, צו צען מיטגלידער אין א גרופּע. די גרופּעס האָבן דאָס געזאָלט זיין די „אייעלעך״, די נוקליוסן פון די קאַמפּס־באַטאַליאָנען. אין פאַרלויף פון א גאַנץ קורצער צייט האָבן זיך געבילדעט 250 אזעלכע קאמפּס־גרופּן.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער דייטש־פראנצויזישער קריג אין 1870 און נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט געליטן מפּלות נאָך מפּלות, האָט בלאַנקי געפונען דעם שעת הכושר ארויסצוטרעטן מיט זיינע רעוואָלוציאָנערע רעגימענטן. דאָס האָט ער געטאָן דעם 14טן אויגוסט (1870). דער פאַרזוך איז געווען ניט קיין געלונגענער. דער אויפשטאַנד איז געווען אביסל פאר דער צייט און ער איז ארויס א מפּיל. ווען עס האָט מיט דריי וואָכן שפּעטער (דעם 4טן סעפּטעמבער) אויסגעבראָכן די אמתע רעוואָלוציע, זיינען די בלאַנקיסטן נאָך ניט געווען געקומען צו זיך פון דעם דורכפאַל, וואָס זיי האָבן געהאַט, און האָבן ניט געקאָנט שפּילן אין איר די ערשטע פידל, וואָס איז זיי, לויט זייער פריערדיקער פאַרבאַרייטונג, געקומען. בשעת נאַפּאָלעאָן דער דריטער איז ארונטערגעוואָרפן געוואָרן פון זיין טראָן און עס האָט זיך

געבילדעט די פּראָוויזאָרישע רעפּובליקאַנישע רעגירונג, האָט בלאַנקי איר פאַרשפּראָכן זיין שטיצע אונטער דעם באַדינג, אַז זי וועט באַפעסטיקן די רעפּובליק און פירן די מלחמה קעגן דעם אויסערלעכן שונא ביזן ענד. ער האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ צייטונג אונטערן נאָמען: „דאָס פאַטערלאַנד איז אין געפאַר", וואָס האָט געדינט אָט די צוויי אויפגאַבן.

דאָ זעט מען, אגב אורחא, אויך אַן אונטערשיד צווישן בלאַנקיס טאַקטיק און לעניִנס טאַקטיק. לעניִן האָט גלייך, ווי ער האָט איבערגענומען די מאַכט, געזוכט צו מאַכן אַן ענד פון דער מלחמה, בעת בלאַנקי האָט די מלחמה געוואָלט אָנהאַלטן.

לאַנג האָט בלאַנקי די צייטווייליקע רעגירונג ניט אונטערשטיצט. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז זי זוכט זיך אונטערצוגעבן צום שונא אויס מורא פאַר אַן אַרבעטער־רעוואָלוציע. ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַ טאָפּעלטן פאַראַט: אַ פאַראַט קעגן לאַנד און קעגן דעם אַרבעטער־קלאַס און אַנשטאָט צו העלפן דער רעגירונג, האָט ער זי אָנגעהויבן ביטער צו באַקעמפן.

דעם 31טן אָקטאָבער, 1870, נאָך דעם, ווי די פראַנצויזישע אַרמיי האָט קאַפּיטולירט אין מעטץ, האָט זיך אויפגעהויבן די „נעשאַנאַל גוואַרד". די רעגירונג איז אַרונטערגעוואָרפן געוואָרן און איר פּלאַץ האָט פאַרנומען אַ צענטראַל־קאָמיטעט מיט רעגירונגס פולמאַכט. בלאַנקי ווערט געוויילט אין דער קאָמיטעט. דער אויפשטאַנד האָט צוזאַמענגעבראָכן און בלאַנקי איז גע־צוואונגען צו אַנטלויפן. דעם 9טן מערץ 1871 האָט אים אַ קריגס־געריכט פאַראורטיילט צום טויט.

קראַנק, צובראָכן און אַנטוישט פון די זיך ניט איינגעגעבענע רעוואָלו־ציאָנערע אויפשטאַנדן, האָט ער זיך באַהאַלטן אין זיד־פראַנקרייך. דעם 17טן מערץ, אַ טאָג איידער עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אין פּאַריז די קאָמונע, האָט מען אים געכאַפּט און אַרעסטירט.

ווען די פּאַריזער קאָמונע האָט זיך קאָנסטיטואירט ווערט דער געפאַנ־גענער בלאַנקי אין איר אויסגעקליבן.

די ווערסאַליער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע רעגירונג האָט אָבער בלאַנקין ניט געוואָלט אַרויסגעבן צו די קאָמונאַרן, וועלכע האָבן געוואָלט אויף אים אויסבייטן די אונטער אַרעסט געהאַלטענע משכנות מיט דעם פּאַריזער ערצבישאָף בראש. טיער, דער פירער פון דער ווערסאַילער רעגירונג, האָט געוואוסט די באַדייטונג פון בלאַנקי פאַר דער רעוואָלוציע און האָט דעם אויסטויש ניט געוואָלט מאַכן. מען האָט אים ווידער אַמאָל פאַרשיקט ערגעץ וואו דאָרף די פעלזן פון אַן איינזאַמען אינזל. טויטן האָבן אָבער די קאָנטער־

רעוואָלוציאָנערן אים ניט געוואָלט. מען האָט אים פאַרשיקט, אָבער ניט נאָך ניי־קאַלעדאָניען, צוזאַמען מיט אלע אַנדערע געפאנגענע קאָמונאַרן.

אין יוני 1879 האָט מען געגעבן אַן אַמנעסיע און בלאַנקי איז געוואָרן באַפרייט.

לאַנג צו לעבן איז אים אָבער שוין ניט אויסגעקומען. דעם ערשטן יאַנואַר 1881 איז לואיס אויגוסט בלאַנקי געשטאָרבן.

* * *

ווי געזאָגט, האָט בלאַנקי געהאַלטן פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור. אין אַן אַויפרוף, וואָס ער האָט אַרויסגעלאָזן אין 1851, זאָגט ער: פאַרעטער וועלן זיין יענע רעגירונגען, וועלכע, ארויסגעהויבן פון פּראָלעטאַריער אויף דעם אויבערפלאַך, פירן ניט גלייך דורך: 1) די אַנטוואָפנונג פון דער בור־זשואַזער ארמיי, און 2) די באַוואָפנונג פון אַלע אַרבעטער און אירע אָרגאַני־זאַציעס און דאָס אָרגאַניזירן פון נאַציאָנאַלער מיליץ... קיין כלי־זיין טאָר ניט בלייבן אין די הענט פון דער בורזשואזיע... די וואָפן און די אָרגאַני־זאַציע זיינען די אנטשיידנטסטע עלעמענטן פון דעם פאָרטשריט, דער מיטל צו מאַכן אַן ענד צו דעם עלנד. ווער עס האָט אייזן, דער האָט ברויט!...

בלאַנקי האָט אביסל איבערגעשאַצט די באַדייטונג פון געוואַלט און די אָפּטע אויפשטאַנדן, צו וועלכע ער האָט גערופן. עס האָט דעריבער ניט גע־האַט דעם נויטיקן אָפּקלאַנג. ער איז שטענדיק געגאַנגען מיט אַ מהלך פון פאָראויס פון די מאַסן. דאָס איז געווען די אורזאַך וואָס ער איז ניט געווען אומשטאַנד זיי מיטצורייסן מיט זיך.

בלאַנקי האָט געלעבט אין א צייט, ווען דער פּראָלעטאַריאַט האָט ערשט אָנגעהויבן ארויסצואַווייזן די מאכט פון זיין היסטאָרישער שליחות, איז אָבער נאָך ניט געווען רייף גענוג איר דורכצופירן. ער האָט געלעבט אין א קליינבירגערליכער געזעלשאפט און איז נאָך אליין געווען טיילווייז דורכ־גענומען מיט קליינבירגערליכע באַגריפן פון „פאַרכאַפּן די מאַכט” נאָך איי־דער עס זיינען צייטיק געוואָרן די באדינגונגען דערצו.

אָבער אויב ניט אלס א פּראַקטישער פירער, וועט בלאַנקי שטענדיק דינען אלס דער פייערדיקער זייל פון די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען.



# ווילהעלם וויטלינג
## איינער פון די לעצטע אוטאָפּיסטן

מיט זעכציק יאָר צוריק איז דאָ אין אמע־ריקע געשטאָרבן איינער פון די פּאָטערס פון דער ארבעטער־באַוועגונג אין דייטשלאַנד, ווילהעלם וויטלינג.

אין אמעריקע האָט ווילהעלם וויטלינג קיין גרויסע ראָלע ניט געשפּילט אין דער ארבעטער־באַוועגונג, וואָס האָט אָנגעהויבן צו וואַקסן אין די זעכ־ציקער יאָרן נאָך דעם בירגער־קריג; הגם אויף קליינע גרופּן און אין באַשרענקטע קרייזן האָט ער אויך דאָ געהאַט אַן איינפלוס. זיין הויפּט־פאַרדינסט אָבער באַשטייט אין דעם, וואָס ער האָט געהאָלפן אויסטרעטן דעם וועג, אויף וועלכן עס איז שפּעטער געגאַנגען די מאָדערנע באַוועגונג.

וויטלינג האָט געהאָלפן אויסטרעטן דעם וועג. ער אליין איז אבער אויף אים שפּעטער ניט געגאַנגען. זיינע אַלטע אָפּגעלעבטע באַגריפן פון דעם פּועל־רעוואָלוציאָנער האָבן אים געהאַלטן צוריק און ער האָט ניט געקאָנט האַלטן טריט מיט די אינגערע ארבעטער־פירער, וועלכע האָבן אין אָנפאַנג פון אים געלערנט, זיינען אבער געגאַנגען פיל ווייטער פון זייער אַמאָליקן חבר־רבי, וועלכער איז געבליבן שטעקן אויף א געוויסן פּלאַץ, אָפּגעשטאַנען פון דעם גרויסן אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער־מאַרשרוט.

דאָס האָט אים שטאַרק פאַרביטערט און ווי אַלע מענטשן האָט ער אויס קנאה געטריבן רכילות און גערעט לשון הרע אויף די יעניקע, וועמען ער האָט חושד געווען, אַז זיי האָבן צוגענומען פון אים די קרוין אלס אינ־טערנאַציאָנאַלער ארבעטער־טעאָרעטיקער און פירער, צו וועלכער ער האָט זיך געפילט באַרעכטיקט.

איבערהויפּט זיינען אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון זיין לעבן זיינע פּיילן געווען געווענדט קעגן קאַרל מאַרקס, זיין אַמאָליקן חבר־רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט אים פאַרטונקלט און פאַרשטעלט מיט זיין גרויסער אויטאָריטעט און גייסטיקער קראַפט.

קאַרל מאַרקס גופא האָט אין אָנהויב שטאַרק געהאַלטן פון ווילהעלם ווייטלינג. ער האָט געלויבט זיינע ערשטע ווערק און האָט אויף אים געוויזן אלס אביישפּיל, צו וואָס פאַר אַ הויכער גייסטיקער מדרגה אַן אַרבעטער, א פּשוטער שניידער, וואָס ווייטלינג איז געווען, קאָן זיך דערהויבן.

שפּעטער, ווען מאַרקס האָט געזען, אַז ווייטלינג פאַרשטייט ניט דעם גייסט פון דער נייער פּראָלעטאַרישער צייט און די פּרוזשינעס, וועלכע באַוועגן און טרייבן דאָס עקאָנאָמישע לעבן, האָט ער אים מבטל געווען. דאָס האָט ווייטלינגן שטאַרק געקרענקט. ער האָט זיך געפילט אַזוי געטראָפן, דאָס ער האָט געזוכט צו דערווידערן — פאַרשטייט זיך אָן דערפאָלג — מאַרקסן און מאכן צונישט זיינע לערן. ער האָט זיך מיט זיינע אָנפאלן אָנגעשלאָגן אָן א גייסטיקן ריז, אָן א גרויסן פעלזן און האָט זיך נאָך מער צעקלאַפּט.

ווילהעלם ווייטלינג פאַרנעמט אָבער נאָך עד היום א בכבודיקן פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער ארבעטער־באַוועגונג און עס לוינט זיך אָפּצושטעלן אויף זיין לעבנס־געשיכטע.

ווייטלינג איז געבוירן געוואָרן דעם 5טן אָקטאָבער 1808 פון עלטערן וועלכע האָבן געלעבט אָן חופה וקדושין, געווען, הייסט עס, אַן „אומגעזעצלעך" קינד. זיין מוטער איז געווען א דייטשע דינסטמיידל און זיין פאָטער א פראַנצויזישער אָפיצער אין דער ארמיי פון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטן.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן די ליידן, פיזישע און גייסטיקע, וואָס דער קליינער ווייטלינג האָט געהאַט אויסצושטיין אין זיינע קינדער־יאָרן. אויף זיין מוטער האָט די „געזעלשאַפט" געקוקט ווי אויף אַ מענטשן פון א נידעריקערער מדרגה, מיט וועלכן די „אָנשטענדיקע" טאָרן ניט האָבן קיין מגע און משא. אַלע האָבן איר פון זיך געטריבן. יעדער איינער האָט געהאַלטן פאַר א מצווה זי צו באַליידיקן און אָנצוטאָן איר יסורים. מען האָט זי געטריבן פון איין אָרט אין א צווייטן, מען האָט זיך מיט איר ארומגעוואָרפן, ווי מיט א פאַרפוילטן עפּל. אָבער ניט געקוקט אויף די אַלע צרות, און נגישות, האָט די אומגליקלעכע, פון אלעמען באַליידיקטע און פאַרשטויסענע פרוי, געגעבן איר קינד ווילהעלם א גוטע, פאַר יענער צייט, דערציאונג. ווען ער האָט געענדיקט די שול האָט זי אים אוועקגעגעבן צו א שניידער, א בעל מלאכה, באַ וועמען ער האָט זיך געלערנט דעם פאַך.

ווייטלינג האָט געהאַט א שטאַרקע וואַנדער־לוסט, און גלייך נאָר ווי ער האָט זיך אויסגעלערנט שווימען אינם ים פון לעבן, האָט ער אָנגעהויבן צו מאַכן נסיעות, צו וואַנדערן פון איין שטאָט אין א צווייטער, פון איין לאַנד אין א צווייטן, פון דרעזדען קיין לייפּציג, קיין ווין און פּאריז.

אין פּאַריז, — די נעסט פון די רעוואָלוציאָנערע קרייזן — איז ווייט־לינג דורכגענומען געוואָרן מיט רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען און האָט אלס א פּועל — א שניידער־אַרבעטער, — אָנגעהויבן צו אַגיטירן פאַר אַן אָרדנונג, וואו דער יגיע כפּימניק, דער בעל־מלאכה זאָל האָבן די גאַנצע דעה.

ווייטלינג ווערט אַ מיטגליד פון דעם, אין יענער צייט באַוואוסטן, רע־וואָלוציאָנערן „בונד דער גערעכטען״, וואו ער ווערט אַן אָנגעזעענער פירער.

אין נאָמען פון דעם „בונד דער גערעכטען״ איז ווייטלינג אוועק אין דער שווייץ, וואו ער האָט אַרויסגעגעבן א פּראָפּאַגאַנדע־ און פּראָגראַם־שריפט: „די מענטשהייט ווי זי איז און ווי זי דאַרף זיין״. די שריפט איז געווען א בייסנדיקע שילדערונג פון דעם גרויסן דלות און עלנט, אין וועלכע דאָס האַרעפּאַשנע פאָלק איז געזונקען, אַ שאַרפע קריטיק אויף די הערשנדיקע באַדינגונגען. קיין רפואה פאַר דער צרהדיקער געזעלשאַפט האָט אין דעם ווערק ווייטלינג ניט געגעבן. דאָס האָט ער פּרובירט טאָן אין א צווייטער קאַמף־ און אַגיטאַציע־שריפט: „גאַראַנטיעס פאַר האַרמאָניע און פרייהייט״. דעם וועג אויף וועלכן ווייטלינג האָט געהייסן גיין אין זיין צווייטן ווערק אום זיך צו ראַטעווען פון עלנד, איז אָבער געווען אזוי אומקלאָר, אזוי מטושטש, אַז ניט געקוקט אויף דער גרויסער ווירקונג, האָט עס קיין ממשות־דיקע באַדייטונג ניט געהאַט.

עס דאַרף דאָ ווערן באַמערקט, אז אָט דעם טעמפּעראַמענטפולן בוך האָט ווייטלינג געשריבן שפּעט אין דער נאַכט, נאָך דעם, ווי ער פלעגט אָפּזיצן 14 שעה נאָכאַנאַנד אין שניידער ווערקשטאַט, כדי ער זאָל האָבן פון וואַנען צו לעבן. אין אַן אַלטן צימער און באַ דער בלאַסער באַלייכטונג פון א חלבן ליכטל איז דאָס ווערק געשאַפן געוואָרן. דאָס בוך איז ארויסגעגעבן געוואָרן פון דעם געלט, וואָס ווייטלינגס חברים האָבן פאַר דעם צוועק צוזאַמענגעקליבן. דעם בוך האָט מען אין יענער צייט א סך געלייענט אין די אַרבעטער און רעוואָלוציאָנערע קרייזן און עס איז געוואָרן באַטראַכט אלס דער „קאַטעכיזם פון קאָמוניזם (סאָציאַליזם)״ — ווי היינריך היינע האָט דעם בוך באַצייכנט — ביז וואַנען עס איז דערשינען „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט״ פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס.

דער דערפאָלג פון „קאָמוניסטישן מאַניפעסט", וועלכער האָט פאַרשאָטנט זיין אייגן ווערק האָט וויטלינגן פאַרביטערט און ער פלעגט בא יעדער געלעגנהייט קריטיקירן מארקסן און זיינע ווערק.

פאַרפאָלגט פון שפּיאָנען, גערודפט פון דער פּאָליציי האָט וויטלינג שפּעטער פאַרלאָזן אייראָפּע און איז געקומען קיין אמעריקע. אָבער דאָ אויף דער נייער ערד און אונטערן נייעם הימל האָט ווילהעלם וויטלינג, ווי גע־זאָגט, קיין גרויסן דערפאָלג ניט געהאַט. ער איז געשטאָרבן דעם 25טן יאַנואַר 1871, פאַרגעסן פון זיינע פריינט און מיטקעמפער.

ווילהעלם וויטלינג איז געווען דער אידעאָלאָג פון די פּועלים, די שניי־דער און שוסטער געזעלן, וועלכע זעען, אַז זייער עקזיסטענץ ווערט וואָס ווייטער אַלץ ווענינקער זיכער און אז דער באָדן וואַקלט זיך אונטער זייערע פיס. ער איז געווען דער רעוואָלוציאָנער פון דער איבערגאַנגס־צייט, ווען די געזעלשאַפט איז אַרויס פון רשות פון די פריצים, פון די פעאָדאַלן און איז נאָך ניט אינגאַנצן געוואָרן באַהערשט פון דעם נייעם קלאַס, פון דער בור־זשואַזיע. ער איז, ווי אַלע אוטאָפּיסטן־סאָציאַליסטן פון יענער צייט, געווען גרויס אין זיין קריטיק, אין אָנווייזן די פעלערן פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג, איז אָבער געווען צו שוואַך אויסצוגעפינען אן אויסוועג פון דעם היינטיקן „משוגעים הויז", ווי אן אנדער אוטאָפּיסט — דער ענגלענדער ראָבערט אוען — רופט אָן די היינטיקע געזעלשאַפט.

א שיינע מצבה אין דער ארבעטער־באַוועגונג פאַרדינט ווילהעלם וויט־לינג לכל הדעות.

די ארבעטער שטעלן עס אים איצט צו זיין זעכציקסטן יאָרצייט.



# עדוואַרד בערנשטיין

## דער פאָטער פון רעווידירטן מאַרקסיזם

דער וועטעראַן פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער באַוועגונג בכלל, עדוואַרד בערנשטיין, איז איצט (דעם 6טן יאַנואַר) אַלט געוואָרן אַכציק יאָר. זיין אַכציקסטער געבורטסטאָג ווערט געפייערט פון דער דייטשער און אַל־וועלטלעכער סאָציאַליסטישער אַרבעטערשאַפט. אַזאַ כבוד האָט בערנשטיין כשר פאַרדינט.

עדוואַרד בערנשטיין איז ניט נאָר איינער פון די פאָטערס פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, מיט וועלכער ער איז געווען און איז געבליבן אָרגאַניש פאַרבונדן פאַר דעם לעצטן האַלבן יאָרהונדערט; ער איז ניט נאָר איינער פון די גרעסטע סאָציאַליסטישע טעאָרעטיקער און פרוכטבאַרסטע שריפטשטעלער, נאָר ער איז איינער פון די בעסטע, איידלסטע און שענסטע מענטשן פון אונדזער צייט. אַפילו זיינע טעאָרעטישע געגנער — און זיי ציילן אין די צענדליקער טויזנטער — צווייפלען ניט אין זיין קריסטאַל־קלאָרן און הויכן אידעאַליזם, אין זיין אייגננוצלאָזער איבערגעבנקייט צו דעם אַרבעטער־קלאַס און אין זיין מוטיקן כאַראַקטער און קעמפערישער נאַטור.

יאָ, בערנשטיין איז אַ גרויסער מענטש און אַ גרויסער מענטש הייסט אַ קעמפער זיין.

בערנשטיינס גאַנצער לעבן איז דורכגעוועבט מיט קאַמף פאַר זיינע איבערצייגונגען און פאַר דעם, וואָס ער האָט געהאַלטן, אַז עס איז דער אמת. ער האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעשראָקן פאַר די קאָנסעקווענצן, פאַר די שלעכטע פאָלגן, וואָס זיין קאַמף קאָן האָבן פאַר אים און זיין פאַמיליע. דער אמת איז ביי אים שטענדיק געשטאַנען העכער פון אַלץ, אַפילו פון פער־זענלעכער רו, כבוד און מאַכט.

עס איז געווען א צייט, ווען מען האָט בערנשטיינען געהאַלטן פאַר א געפערלעכן אפיקורס אין די סאָציאַליסטישע אַני־מאמינס און מען האָט אים דערפאַר אָנגעטאָן ניט ווייניק צרות. אַפילו זיינע נאָענטסטע פריינט, א שטייגער, דער גרויסער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירער, אויגוסט בעבעל, און זיין יוגנט־פריינט און חבר, קאַרל קאַוטסקי, האָבן געהאַלטן, אַז בערנשטיינס איינפלוס אין דער באַוועגונג איז שעדלעך און מען האָט פון אים אָפּגענומען ניט נאָר זיינע ערן־אַמטן, נאָר אויך דעם ברויט־קאָרב פון זיין מויל. ער איז געבליבן אָרעם און, טיילווייז, פאַרלאָזן פון די טאָנגעבער פון דער פּאַרטיי. אָבער בערנשטיין איז זיך געגאַנגען זיין וועג און אים איז אפילו ניט איינגעפאַלן צו מאַכן אַ קאָמפּראָמיס מיט זיין גלויבן און זיינע איבערצייגונגען. צו דעם קאַמף פאַר זיינע איבערצייגונגען איז צוגעקומען דער קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ, פאַר זיין פשוטער חיונה. דעם ערשטן קאַמף האָט ער געפירט אליין ווי אַן אמתער העלד. אין דעם צווייטן קאַמף איז ער ניט געווען אַזוי מזלדיק. האָט ער געליטן דחקות און האָט זיך קיינמאָל ניט באַקלאָגט. ער האָט צו קיינעם ניט געהאַט קיין טענות און פּרעטענזיעס.

אויף בערנשטיינס חשבון פלעגט מען אין מאנכע קרייזן זיך ליב האָבן צו וויצלען. אבער אים האָט עס ניט געאַרט. ער פלעגט אליין מיטלאַכן מיט זיינע „קיבעצער". בטבע א מזג־טוב, א גוטהאַרציקע נאַטור, האָט ער בא זיך געטראַכט: „מילא, אַז איר האָט הנאה דערפון, זאָל עס אייך וואויל באַקומען"... בערנשטיין איז געווען פרידריך ענגעלס ליבלינג. דער גרויסער חבר און מיט־טעאָרעטיקער און מיט־קעמפער פון קאַרל מאַרקס האָט אים אַפילו איבערגעלאָזן א שטיקל ירושה. עס איז אויסגעקומען דורכן צופאַל, אַז גראָד מיט אַ קורצער צייט נאָך ענגעלס טויט, האָט בערנשטיין פאַרעפנטלעכט זיין ווערק, וואו ער טרעט ארויס מיט א קריטיק קעגן דעם אָרטאָדאָקסישן מאַרקסיזם, האָט מען זיך געוויצלט, אַז נאָכדעם ווי בערנשטיין האָט געקראָגן ענגעלס קאַפּיטאַל, האָט ער אויפגעגעבן מארקס „קאַפּיטאַל". וואָרים בערנשטיין האָט געפאָדערט, עס זאָלן רעווידירט ווערן די טעאָריעס, וועלכע קארל מארקס אנטוויקלט אין זיין עפּאָכע־מאַכנדיקן ווערק. בערנשטיין גופא האָט הנאה געהאַט פון דעם וויץ און פלעגט ניט ווערן אויפגערעגט, ווען ער פלעגט הערן אָדער לעזן אזעלכע קאפּוליער־אַנצוהערענישן...

איך געדענק ווי אויף איינעם פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטייטאָגן, האָט מען אים כמעט ווי איגנאָרירט. מענטשן, וועלכע האָבן ניט פאַרשטאַנען אפילו זיינע שיחת־חולין, וועלכע האָבן ניט דערגרייכט זיינע קנעכלעך, האָבן געחוזקט און געקוקט אויף אים, ווי אויף איינעם, וועלכער איז,

רחמנא לצלן, נכשל געוואָרן אין „ניט־גוטע“ געדאַנקען. אָבער בערנשטיין איז זיך געזעסן איינער אליין און האָט אַזוי גוטמוטיק געשמייכלט, ווי ניט אים מיינט מען עס. ער האָט אפשר אין האַרצן באַדויערט זייער אומוויסנקייט, האָט אָבער ניט אַרויסגעוויזן קיין ברעקל כעס און אפילו ניט פאַראַכטונג...

בערנשטיין איז באוואוסט אלס דער אָפּאָרטוניסט. זיין טעאָריע איז באמת אַן אָפּאָרטוניסטישע; אין לעבן, אָבער, איז ער אַ שטרענגער, אויסגע־האַלטענער אידעאַליסט, וועלכער איז ניט איינגעגאַנגען אויף קיין שום פשרות און קאָמפּראָמיסן.

אין דעם פאַרשאָלטענעם יאָר 1914, ווען די גאַנצע סאָציאַל־דעמאָקראַ־טישע פּאַרטיי פון דייטשלאַנד איז נכשל געוואָרן און האָט געהאָלפן זינגען „דייטשלאַנד איבער אַלעס“, איז געוואָרן שאָוויניסטיש און מאָרד־פּאַטריאָטיש, איז בערנשטיין, דער אָפּאָרטוניסט, געווען איינער פון די ווייניקע, וועלכע האָבן ניט פאַרלאָרן זייער קאָפּ און זיינען געבליבן געטריי די געבאָטן פונם ריינעם, אומקאָמפּראָמיסלעכן אינטערנאַציאָנאַליזם.

אין די רייען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג איז בערנ־שטיין אַרויס דער זיגער. דער בערנשטייניאַניזם איז פאַקטיש געוואָרן די הערשנדע טעאָריע, אויף וועלכער עס שטיצט זיך די טאַקטיק פון די סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטייען פון אַלע לענדער, הגם מען וועט דאָס אָפיציעל ניט מודה זיין.

בערנשטיין איז אַרויסגעטראָטן קעגן דעם אָרטאָדאָקסישן מאַרקסיזם, וואָס זאָגט, אז דער קעגנזאַץ צווישן ארבעט און קאַפּיטאַל ווערט וואָס ווייטער אַלץ שאַרפער, אַז די לאַגע פון די ארבעטער ווערט אַלץ ערגער, אַז עס קאָן און ו ו ע ט קיינמאָל ניט קומען צו א שלום, צו אַן אויסגלייך צווישן אַרבעטער און קאַפּיטאַליסטן און דער איינציקער וועג, ווי אזוי דער ארבעטער־קלאַס קאָן קריגן די מאכט, איז דורך אַ רעוואָלוציע, א סאָציאַלע איבער־קערעניש, ווען די ארבעטער זאָלן איבערנעמען די פּאָליטישע מאַכט.

בערנשטיין האָט אין זיינע ווערק, וועלכע האָבן אין זייער צייט אויפ־געשטורעמט די סאָציאַליסטישע און אַקאַדעמישע קרייזן, מיט אַ גאַנצן באַרג סטאַטיסטישע ציפערן געזוכט צו באַווייזן, אַז מאַרקס איז ניט אינגאַנצן ריכטיק, אַז עס שטימט ניט מיט דער ווירקלעכקייט, אז עס מוז ר ע ו ו י ־ ד י ר ט ווערן. (דערפון נעמט זיך דאָס וואָרט „רעוויזיאָניזם“, מיט וועלכן מען באַצייכנט די בערנשטייניאַניסטישע ריכטונג אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג).

די לאַגע פון די אַרבעטער, האָט בערנשטיין געשריבן און געזאָגט, ווערט ניט ערגער, לויט ווי די סטאַטיסטיק ווייזט. דער אַרבעטער פאַרדינט

איצט מער ווי אַמאָל. דער צוזאַמענברוך פון דער געזעלשאַפט אַ דאַנק דעם, וואָס עס וועלן ווערן פאַרשאַפט די באַציאונגען צווישן אונטערנעמער און ארבעטער, איז לאו דוקא. עס איז ניט קיין נויטווענדיקייט. די טענדענץ איז, אַז די אינטערעסן צווישן די ביידע קלאַסן ווערן ניט פאַרשאַרפט, ווי דער מאַרקסיזם לערנט אונדז, נאָר אַז זיי ווערן אויסגעגליכן.

## דער עיקר די באַוועגונג, אָבער ניט דער ציל.

מאַרקס לערנט אונדז, זאָגט בערנשטיין ווייטער, אַז דער מיטל־קלאַס פאַרשווינדט, אַז מיט דער צייט וועט די גאַנצע געזעלשאַפט ווערן איינ־געשטעלט אין צוויי קלאַסן, פון איין זייט אַ גרופּע גרויסע קאַפּיטאַליסטן, אין וועמענס הענט עס וועלן זיין קאָנצענטרירט און צענטראַליזירט אַלע רייכטימער פון לאַנד, און, פון דער אַנדערער זייט — דער אַרבעטער־קלאַס, וועלכער וועט אַרומנעמען די מאַיאָריטעט פון דער באַפעלקערונג. צווישן אָט־די ביידע קלאַסן איז דער קאַמף אומפאַרמיידלעך, און אַזוי גוט ווי די אַרבעטער וועלן מיט זיך פאַרשטעלן די גאַנץ גרויסע מערהייט, איז, זעלבסט־פאַרשטענדלעך, אַז דער זיג וועט, סוף־כל־סוף, זיין אויף זייער זייט און דער סאָציאַליזם וועט דעמאָלט ווערן דורכגעפירט*).

ווייזט דערויף בערנשטיין, אַז עס איז ניט אמת, דאָס דער מיטל־קלאַס איז פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. והא ראיה, די סטאַטיסטיק באַווייזט, אַז די צאָל קלענערע אונטערנעמונגען ווערן אַלץ גרעסער, און אַז די צאָל קליינע קאַפּיטאַליסטן ווערט אויך גרעסער און אַז דער קליין־קאַפּיטאַל ווערט לחלוטין ניט איינגעשלונגען פון דעם גרויס־קאַפּיטאַל און, במילא, וועט די געזעל־שאַפט אפילו אין דער ווייטער צוקונפט ניט זיין צושפּאַלטן בלויז אויף צוויי קלאַסן און דער גאַנצער סאָציאַליזם הערט אויף דעם אופן אויף צו זיין אַ ה י ס ט אָ ר י ש ע נ ו י ט ו ו ע נ ד י ק י י ט, ווי דער מאַרקסיזם לערנט אונדז, נאָר אַ גוטער וואונש, וואָס קאָן יאָ און קאָן ניט פאַרווירק־לעכט ווערן.

איז ווידער די היסטאָרישע נויטווענדיקייט פונם סאָציאַליזם ניט אַ רעזולטאַט פון דער גאַנצער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, — טאָ באַדאַרף מען

---

*) מיר האָבן באַ פאַרשיידענע געלעגנהייטן אָנגעוויזן, אַז אַזאַ פאַר־שטעלונג וועגן דעם מאַרקסיזם איז ניט ריכטיק אָבער אזוי, על כל פּנים, האָט מען זיך אין דער צייט, ווען בערנשטיין איז ארויסגעטראָטן מיט זיין קריטיק, דעם מאַרקסיזם פאָרגעשטעלט.—א. ש. ז.

— פאָדערט בערנשטיין — אויך ענדערן די פּראַקטיק פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג, וואָס שטיצט זיך אויפן מאַרקסיזם. מען באַדאַרף לייגן מער געוויכט אויף רעפאָרמען און זיי באַטראַכטן ניט נאָר אלס א מ י ט ל צום ציל, נאָר אַלס דעם ציל גופא. מען באַדאַרף ווייניקער ריידן וועגן דער צוקונפט און דעם „צוקונפט־שטאַט", און שיינקען מער אויפמערקזאַמקייט דעם „היינט", די געגנווערטיקע אויסבעסערונגען. און דאָ קומט בערנשטיינס באַוואוסטער וואָרט: „די באַוועגונג איז דער עיקר און דער ציל — א טפל". ער מיינט דערמיט צו זאָגן, אַז די הויפּט־זאַך איז די ס אָ צ י אַ ל י ס ט י ש ע ב אַ ו ו ע ג ו נ ג, אָבער ניט די ריידערייען וועגן דעם „צוקונפט־שטאַט", וואָס בערנשטיין באַטראַכט פאַר „צוקונפט־מוזיק", פאַר סאָציאַלער ראָמאַנטיק, וואָס האָט ניט קיין ממשותדיקן קערן אין זיך.

## איז אויך קעגן דער מאַרקסיסטישער פילאָזאָפיע

די מאַרקסיסטישע לערע איז באַגרינדעט אויף דעם היסטאָרישן מאַטעריאַליזם — אויף דעם געדאַנק, אַז די מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע*) באַדאַרף אָנגעווענדט ווערן צו היסטאָרישע פאַסירונגען און צו די דערשיינונגען אין מענטשלעכן לעבן בכלל. קומט ווייטער בערנשטיין און זאָגט, אַז דער מאַטעריאַליזם האָט שוין זיין צייט אָפּגעלעבט, אַז ער האָט ניט באַרעכטיקט די האָפנונגען, וואָס מען האָט אויף אים געלייגט, אַז די גאַנצע נאַטור־פילאָזאָפיע קערט זיך איצט צוריק צום פילאָזאָפישן אידעאַליזם, וואָס אנדערקענט אחוץ די ממשותדיקע זאַכן, די עקזיסטענץ פון רוחניותדיקע כחות, וועלכע מען קען ניט משיג זיין מיט אונדזערע חושים.

„צוריק צו קאַנט" — שרייט בערנשטיין אויס, ד. ה. צוריק צו דער אידעאַליסטישער פילאָזאָפיע פונם פילאָזאָף עמאַנועל קאַנט, וועלכער האָלט, אַז אחוץ א ו נ ד ז ע ר וועלט, צו וועלכער מיר ווענדן אָן די באַגריפן

*) דער מאַטעריאַליזם אנערקענט ניט קיין געטער און גייסטער, וועלכע שטייען איבער דער נאַטור און רעגירן אין דער וועלט. דער מאַטעריאַליזם גלויבט בלויז אין די פיזיקאַלישע און כעמישע געזעצן פון דער נאַטור. אלע דערשיינונגען, סאַי אין דער נאַטור און סאַי אין דער געזעלשאַפט, זיינען רעזולטאַטן ניט פון צופעליקע איבערנאַטירלעכע כחות, נאָר פון אָט־די נאַטור־געזעצן, וואָס ווירקן שטענדיק און אייביק. — א. ש. ז.

פון צ י י ט און אָ ר ט, איז נאָך פאַראַן אַ וועלט, וועלכע געפינט זיך אויף יענעם זייט פון אונדזער פילן און דענקען.

מיט דעם שלאָג־וואָרט: „צוריק צו קאַנט״, האָט בערנשטיין געוואָלט אונטערגראָבן איינע פון די הויפּט פונדאַמענטן, אויף וועלכע דער מאַרקסיזם איז באַגרינדעט.

## די היציקע פּאָלעמיק, וואָס בערנשטיין האָט ארויסגערופן

די פּאָלעמיק, וואָס בערנשטיינס רעוויזיע אין דעם מאַרקסיזם האָט אַרויסגערופן, איז געווען אַ היציקע, אַליידנשאַפטלעכע. זי איז ניט געווען אַ ריין טעאָרעטישע, אַן אַקאַדעמישע. זי האָט אָנגערירט, ווי מיר האָבן דאָ געזען, דעם סאַמע וואָרצל ניט נאָר פון דער סאָציאַליסטישער טעאָריע, נאָר אויך פון דער סאָציאַליסטישער פּראַקטיק. רעוואָלוציאָנערשקייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט געטענהט, אַז אונטערן איצטיקן סיסטעם קאָן ניט זיין קיין שלום צווישן ארבעט און קאַפּי־טאַל, אַז מיט רעפאָרמען קאָן מען די היינטיקע אָרדנונג ניט אויסבעסערן. רעפאָרמען זיינען ניט מער ווי לאַטעס אויף אַן אַלטן בגד. די איצטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג ליידט פון סתירות, פון געגנזאצן, וועלכע קאָנען אונטער די איצטיקע באַדינגונגען ניט ווערן באַזייטיקט. לויט בערנשטיינען ווערן די סר־תירות שוואַכער, אָפּגעטעמפּט און דער גאַנצער קלאַסן־קאַמף פאַר־לירט זיין שאַרפן כאַראַקטער.

זינט עס איז דערשינען בערנשטיינס ווערק, האָט זיך די אַלוועלטלעכע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג פאַנאַנדערגעטיילט אין אָרטאָדאָקסאַלע מאַרקסיסטן, אונטער דער פירערשאַפט פון קאַרל קאַוטסקי, און דעם פאַר־שטאָרבענעם רוסישן סאָציאַליסטישן פירער, ג. פּלעכאַנאָוו, און אין רעוויזיאָ־ניסטן, וועלכע האַלטן פון בערנשטיינס רעוויזיע. וואו נאָר עס איז פאַראַן אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, באַגעגנט מען דאָ די צוויי פראַקציעס — אַן אָרטאָדאָקסיש־מאַרקסיסטישע און אַ רעוויזיאָניסטיש־בערנשטייניאַנישע, אַן אַנטי־רעפאָרמיסטישן און אַ רעפאָרמיסטישן פליגל.

דאָס איז אבער בלויז אין דער טעאָריע. אין דער פּראַקטיק ווערט, ווי מיר האָבן אויבן באַמערקט, אָנגעוועדעט מער די בערנשטייניאַניסטישע טאַקטיק, ווי די רעוואָלוציאָנערע מאַרקסיסטישע.

צי די רעוויזיאָניסטישע טאַקטיק איז די בעסטע פאַרן ארבעטער־קלאַס אין דער איצטיקער צייט — איז אַן אַנדער פראַגע. דער פאַקט אָבער איז, אַז מיט דעם בערנשטייניאַניזם זיינען דורכגעדרונגען די מחות פון די איצטיקע

סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער און בנוגע צו דער פּראַקטישער באַוועגונג האָט בערנשטיין אָפּגעהאַלטן אַ גרויסן זיג.

עס קלינגט אפשר ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער דער אמת איז, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אין דער טעאָריע רעוואָלוציאָנער־מאַרקסיסטיש, אָבער אין דער פּראַקטיק — בערנשטיינאַניסטיש־אָפּאָרטוניסטיש. עדואַרד בערנשטיין אליין איז אָפּאָרטוניסטיש אין דער טעאָריע און רעוואָלוציאָנער און אומקאָמפּראָמיסלעך אין דער פּראַקטיק.



# הענרי דזשאָרדזש

## דער גרינדער פון דער „סינגעל-טעקס" באַוועגונג

אין 1886 איז פאָרגעקומען דאָ אין ניו־יאָרק דער הענרי דזשאָרדזש קאַמפּיין, אין וועלכן די עס־על־פּי האָט געגומען אַן אַקטיוון אנטייל.

הענרי דזשאָרדזש איז ארויסגעגאַנגען פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז אַלע צרות אין אונדזער געזעלשאַפטלעכן לעבן קומען פון דעם, וואָס מענטשן האָבן פאַרכאַפּט אלס זייער אייגנטום דעם גרונט און באָדן — די ערד הייסט עס. הענרי דזשאָרדזש ווי זיינע אָנהייננגער די „סינגעל טעקסער" זיינען ניט קעגן אייגנטום אויף אזעלכע זאַכן, וועלכע זיינען געשאפן דורך מענטש־לעכער ארבעט, ווי וועלכע קיינער האָט אפילו א פינגער אין קאַלטע וואַסער ניט אריינגעשטעקט? וואו איז דער יושר, אז מענטשן זאָלן פאַרכאַפּן פאר זיך דאָס, וואָס די נאַטור האָט אָנגעגרייט פריי פאר אלעמען?

צוליב דעם, וואָס פּריוואַטע מענטשן, א שטייגער הייזער, פעקטאָריס, מאַשינען, און אנדערע, מען האָט רעכט — מיינען זיי — זיך צו באַנוצן מיט דעם, וואָס מען האָט אליין פּראָדוצירט, אָדער וואָס מען האָט אָפּגעקויפט בא אן אנדערן די פּראָדוקטן פון זיין ארבעט. אָבער פאַרוואָס זאָל מען צו־נעמען פאַר זיך די מתנות פון דער נאַטור, אויב יחידים פאַרכאַפּן דאָס לאַנד און די אוצרות, וואָס ליגן אין איר, ווערן אנדערע בארויבט פון דער מעגלעכ־קייט צו געניסן אפילו פון דער אייגענער ארבעט. די ערד איז דער קוואַל פון רייכקייט — מיינט הענרי דזשאָרדזש — און אויב מענטשן קאָנען זיך מיט איר ניט פריי באַנוצן, טאָ פאַרלירן זיי דאָך דעם באָדן אונטער זיך.

אויב די ערד וואָלט באַלאַנגט צום כלל און ניט צו איינציקע, וואָלט יעטווידער האָבן א ברייט פעלד פאר זיך. איצט, ווען עס הערשט פּריוואַט אייגענטום אויף גאָטס ע ר ד, קען דער מענטש ניט הנאה האָבן פון דער גרויסער מתנה, וואָס די מוטער־נאַטור האָט געשאָנקען די מענטשן־קינדער.

ווען אימיצער וויל זיך באַנוצן מיט דער ערד, מוז ער צאָלן א רענט, און וואָס ווייטער אַלץ א ג ר ע ס ע ר ע רענט.

מילא, אַז אַן אונטערנעמער קריגט פּראָפיט פאַר זיין קאַפּיטאַל, האָט ער, לכל הפּחות, אויף אים, אויפן קאַפּיטאַל געאַרבעט, פיזיש צי גייסטיק. ער האָט מיטגעווירקט, דאָס דער קאַפּיטאַל זאָל געשאַפן ווערן. ער האָט אויסגעגעבן ענערגיע, ער האָט געהאַט אויסצושטיין געוויסע ריזיקעס, אָבער פאַר וועלכע מעשים טובים קומט דעם לענדלאָרד, דעם גרונט־אייגנטימער א הכנסה פאַר דער ערד אויף וועלכער ער האָט ניט געאַרבעט?

נאָך מער. לאַנד שטייגט אין ווערט אויך ניט צוליב דער אַרבעט אדער הכנסה פון דעם בעל נחלה. לאַנד שטייגט צוליב אורזאַכן, וועלכע ליגן אויסער דעם רשות פון דעם אייגנטימער, צוליב אורזאַכן, אויף וועלכע ער האָט קיין שליטה ניט.

מיר נעמען, א שטייגער, אַזאַ שטאָט ווי ניו יאָרק. מיט הונדערט אָדער מער יאָרן צוריק האָבן אייניקע געקראָגן גרויסע שטיקער ערד, טאַקע וואו עס איז איצט וואָל־סטריט, בראָדוויי, פינפטע עוועניו, א. אנ.

ניו יאָרק איז פאַר דער צייט געוואָרן א גרויסער אינדוסטריעלער, פינאַנציעלער און פּאָליטישער צענטער. די באַפעלקערונג איז זייער שטאַרק געוואַקסן, און אַ דאַנק דעם איז די ערד געשטיגן אין ווערט אין צענדליק טויזנטער און הונדערט טויזנטער מאָל. פרעגט הענרי דזשאָרדזש: אויב די ערד איז געוואָרן טייערער צוליב דעם וואָס עס זיינען צוגעקומען אין ניו יאָרק מער מענטשן, וואָס די באַפעלקערונג איז געוואָרן א גרעסערע און אַ געדיכטערע, און צוליב דעם, וואָס אָט די מענטשן האָבן געבויט און אַנטוויקלט געוויסע אינסטיטוציעס, טאָ פאַרוואָס זאָלן אָט דיזעלביקע מענטשן מוזן אזוי טייער באַצאָלן פאַר איר? אויב ז י י האָבן געפירט דערצו, די ערד זאָל קאָסטן אַזאַ גרויסן פּרייז, מיט וואָס פאַר אַ רעכט באַנוצט זיך מיט דער טייערקייט די צופעליקע אייגנטימער, וועלכע האָבן דערביי גאָר נישט ניט געטאָן?

די פּראַקטישע עצה, וואָס הענרי דזשאָרדזש גיט, איז מען זאָל ארויפ־לייגן אַ טעקס, אַן אָפּצאָלונג אויף די לאַנד־אייגנטימער, און וואָס העכער דאָס לאַנד שטייגט אין פּרייז, אַלץ גרעסער דאַרף זיין דער טעקס, כדי ניט דער אייגנטימער זאָל פון דעם געניסן, נאָר דער כלל.

אַלע טעקסעס — מיינט הענרי דזשאָרדזש — דאַרפן בטל ווערן. עס דאַרף נאָר בלייבן א י י ן טעקס „סינגל טעקס״ אויפן גרונט און באָדן.

דער „סינגל טעקס״ פּלאַן פון הענרי דזשאָרדזש האָט ארויסגערופן אַ גרויסן ענטוזיאַזם אין די ראַדיקאַלע קרייזן. הענרי דזשאָרדזש אליין איז

געוואָרן איינער פון די פּאָפּולערסטע מענשן אין אמעריקע.

דרייסיק טויזנט בירגער פון ניו יאָרק האָבן זיך אונטערגעשריבן, אַז זיי ווילן אים האָבן פאַרן סיטי מעיאָר, און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער „העגרי דזשאָרדזש קאמפּיין".

אַן אַקטיוון אנטייל אין דעם קאַמפּיין האָבן גענומען די סאָציאַליסטן ניט דערפאַר, ווייל זיי האָבן געהאַלטן פון דער „סינגל טעקס" טעאָריע, נאָר פּשוט דערפאַר, וואָס זיי האָבן אין דער באַוועגונג געזען אַ קאַמף קעגן קאַ־פּיטאַל.

„מיר אינדאָרסירן די קאַנדידאַטור פון הענרי דזשאָרדזש ניט דערפאַר, ווייל מיר האַלטן פון זיין טעאָריע, נאָר טראָץ דעם, וואָס מיר האַלטן ניט פון איר" — האָט געשריבן די ניו יאָרקער דייטשע „פאָלקס־צייטונג".

עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ „יונייטעד לייבאָר פּארטיי", וואוהין עס זיינען אריין די סינגל טעקסער, די סענטער לייבאָר יוניאָן און די סאָציאַ־ליסטישע ארבעטער פּאַרטיי (עס־על־פּי).

דער קאמפּיין איז געווען זייער אַ לעבעדיקער. די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן און זיי האָבן ארויסגעשטעלט די שטאַרקסטע קאַנדידאַטן.

אייבראהאם יואיט איז געלאָפן אויפן דעמאָקראַטישן און טעאָדאָר רוז־וועלט — אויפן רעפּובליקאַנישן טיקעט.

געזיגט אין די וואַלן האָט דער דעמאָקראַטישער קאַנדידאַט פאַר מעיאָר. ער האָט געקראָגן ניינציק טויזנט שטימען. הענרי דזשאָרדזש איז געווען דער צווייטער. ער האָט געצויגן 68 טויזנט שטימען. טעאָדאָר רוזוועלט, דער צוקונפטיקער פּרעזידענט פון די יונייטעד סטייטס, איז געלאָפן הינטער הענרי דזשאָרדזש. ער האָט ארום זיך קאָנצענטרירט ניט מער ווי 60 טויזנט שטימען.

אין דעם הענרי דזשאָרדזש קאמפּיין האָט זיך שוין שטאַרק געלאָזט פילן די אידישע באַוועגונג און דער איינפלוס פון אירע פירער.

די יידישע באַוועגונג, וואָס איז דעמאָלט נאָך געווען אין עמבריאָנאַלן צושטאַנד, אָן עופעלע אָן כח, אָן אַ צורה און אַ פנים, האָט זיך אָנגעהויבן צו שטעלן אויף אירע אייגענע פיס. זי האָט אָנגעפאנגען צו קריגן פאַרב, קאָליר, אַן אייגענע פיזיאָנאָמיע. די גייסטיקע נאַרונג, וואָס זי האָט אויפגע־נומען פון דער פריערדיקער אַלגעמיינער באַוועגונג, האָט זי אָנגעהויבן צו פאַרדייען אויף איר אייגענעם יידישן שטייגער.

די יידישע באַוועגונג פאַנגט אָן צו ווערן אַ מאַכט.

דאָס געהערט שוין אָבער צו אַן אַנדער בלאַט פון דער געשיכטע.

# וויקטאר בערגער

## דער ערשטער סאָציאַליסטישער קאָנגרעסמאַן אין אַמעריקע

דאָס איז געווען אין מערץ 1910.

צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אַמעריקע און פון דער גאַנצער וועלט האָבן די סאָציאַליסטן דערוויילט אין אַ גרויסער שטאָט מיט עטלעכע הונדערט טויזנט איינוואוינער אַ סאָציאַליסטישן מעיאָר, אַ סאָציאַליסטישן סיטי קלוירק, אַ פּרעזידענט פון באָרד אָוו אַלדערמאַן און אייניקע שטאָט פּאַטערס.

מילוואָקי, וויסקאָנסין, האָט געקראָגן אַ סאָציאַליסטישע אַדמיניסטראַציע.

אַזאַ פּאַסירונג האָט, פאַרשטייט זיך, געמאַכט אַ גרויסן רושם. אין די בורזשואַזע קרייזן האָט מען זיך אָנגעהויבן צו באַאומרואיקן, טאָמער חס־וחלילה כאַפּט זיך אריין דער „סאָציאַליסטישער גיפט״ אויך אין אַנדערע גרויסע אַמעריקאַנישע שטעט. מען האָט אָנגעהויבן מורא צו האָבן פארן פּן ירבה... און מען האָט צווישן זיך אָנגעהויבן צו סודן „הבה נתחכמה״... סאָציאַליסטן עליך! לאָמיר זען! לאָמיר טאָן! לאָמיר אַוועקנעמען די ווינטן פון די סאָציאַליסטישע זעגלען!... דעמאָלט האָבן אויך געלאָזט פון זיך הערן די „אינסורגענטן״, די ליבעראַלע סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט אונטער לאַפאָלעטס פירערשאַפט.

צווישן די ארבעטער האָט דער גרויסער סאָציאַליסטישער זיג אַרויסגערופן אַ יום־טובדיקע שטימונג. די באַוועגונגס־מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו זען פרוכט פון זייער אַרבעט. זיי האָבן שוין זוכה געווען צו שניידן פון דעם, וואָס זיי האָבן פאַרזייט. זיי זיינען באַפליגלט געוואָרן מיט נייע האָפענונגען און האָבן אָנגעהויבן זיך צו גרייטן צו נאָך גרעסערע קאַמפן און צו טרוימען פון נאָך גרעסערע זיגן.

איך בין דעמאָלט געווען דער רעדאקטאר פון שיקאגאָר "יידישע אַר־בעטער וועלט", וואָס איז מיט א פּאָר יאָר שפּעטער, נאָך מיין אוועקגיין, פאַרוואַנדלט געוואָרן, מיט דער הילף פון געוויסע שדכנים, אין דעם איצטיקן שיקאגאָר "פאָרווערטס".

אין דער צייט פון דעם מילוואָקיער קאמפּיין איז מיר אויסגעקומען צו רעדאַקטירן צוויי ספּעציעלע קאַמפּיין־נומערן פאַר מילוואָקי, וואָס די "יידישע ארבעטער וועלט" פּרעס פעדעריישאָן האָט אַרויסגעגעבן. האָב איך מיטן סאָציאַליסטישן זיג אין מילוואָקי געהאַט אַ שטיקל שייכות.

אויף דער אינאגורייישאן־צערעמאָניע אין מילוואָקי, ווען דער סאָציאַ־ליסטישער מעיאָר (עמיל זיידעל) און די איבעריקע דערוויילטע האָבן איבער־גענומען זייערע אָפּיסעס, בין איך, פאַרשטייט זיך געווען אַן אייגענער מענטש.

דעם טאָג, וואָס האָט פּשוט געקוועלט פון נחת און פרייד, וועל איך קיינמאָל ניט פארגעסן. דאָס איז געווען א טאָג, וואָס האָט אונדז אָנגעזאָגט וועגן א נייער צייט, וועגן ליכטיקערע, זוניקע טעג, וואָס וועלן זיך אָנהויבן פון איצט אָן פאַר די מענטשן־קינדער. אין די פּאָר שעה, וואָס די צערע־מאָניע האָט געדויערט, איבערהויפּט אין דעם מאָמענט, ווען דער פריערדיקער מעיאָר איז ארונטער און דער ניי־דערוויילטער סאָציאַליסטישער מעיאָר זיידעל איז אַרויף האָלטן זיין פּראָגראַם־רעדע, בין איך — און מסתמא אויך אַנדערע אנטייל־נעמער אין קאַמפּיין — געווען אָנגעפילט מיט א גוואַלדיקער התלהבות. עס איז געווען אַ נשמה־דערהויבונג, אַן עקסטאַז, וואָס לאָזט זיך ניט אזוי לייכט אויסדריקן אין פּשוטע ווערטער.

זיידלס פּראָגראַם רעדע האָט אייניקע פון אונדז אביסל אַנטוישט. זי איז געווען זאכלעך, מיט אַן אויסגעהאַלטענעם טאָן, האָט געקלונגען שיין, שטאַרק, אָבער עס האָט אין איר געפעלט דאָס וואָרט סאָציאַליזם. מיר האָבן עס באַטראַכט פאַר אַ פּחיתת הכבוד פאַר אונדזער אידייע. איצט, אַז מען איז שוין אין מאַכט — הייסט עס — שעמט מען זיך מיט איר... מיר האָבן חושד געווען זיידלען און איבערהויפּט וויקטאָר בערגערן, וואָס איז געווען די "מאַכט הינטערן טראָן" און וואָס איז פּאַקטיש געווען דער קאָפּ, די נשמה און דאָס האַרץ פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין מילוואָקי, אַז זיי האָבן דוקא אין אַזעלכע יום־טובדיקע, געהויבענע, פייער־לעכע מאָמענטן פון זיג קאַפּיטולירט פאַרן שונא. מען האָט שוין פון פריער זיך געשושקעט, אַז בערגער איז אַן אָפּאָרטוניסט און איז ניט אזוי שטאַרק איינגענומען פאַרן קלאַסן־קאַמף און פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. די אינאַגורייישאָן־רעדע האָט פאַר אונדז געדינט אַלס אַ באַשטעטיקונג, אַז דער

חשד, דאָס מילוואָקי איז אָנגעשטעקט מיט די באַצילן פון אָפּאָרטוניזם, איז אַ באַגרינדעטער און אַ באַוויזענער.

דער גרעסטער בעל שמחה אויף דער אינאָגורײשאָן איז געווען וויקטאָר ל. בערגער. ער איז געווען דער נאָענטסטער מחותן. דאָס איז געווען ז י י ן שמחה, זיין אויפטו און ער האָט זיך ווירקלעך געפילט ווי א פאָטער, וואָס פירט צו דער חופּה זיין טייער קינד. זיינע קלוגע אויגן האָבן געשטראַלט פון פרייד. געקעמפּט און געזיגט... אַ גרויסער, הייליקער געפיל, וואָס נאָר איבערגעגעבענע, העלדישע, אומדערמידלעכע קעמפער פאַר א גרויסן אי־דעאַל קענען איבערלעבן און אויך נאָר אין געוויסע געציילטע מאָמענטן פון לעבן.

נאָך דער אינאָגורײשאָן, ווען מילוואָקי איז שוין אָפיציעל, געזעצלעך, געלעגן אין דעם רשות פון סאָציאַליסטן, האָט מען, זעלבסטפארשטענדלעך, איינע די אַנדערע געדריקט די הענט, אָפּגעגעבן „מזל טוב״ און זיך צוקושט.

בערגער, וואָס איז אָפיציעל דעמאָלט געוואָרן דערוויילט „אָלדערמאַן עט לאַדזש״, אָבער פאַקטיש דער הויפּט פון דער סאָציאַליסטישער סיטי אַדמיניסטראַציע אין מילוואָקי, איז אריין אין אַ צימער פון סיטי האָל, אויף דעם זעלביקן עטאַזש, וואו די אינאָגורײשאָן איז פאָרגעקומען און האָט אויפ־גענומען די נאָענטע מענטשן מיט זייערע ווינשונגען און ברכות. בין איך אויך אריין צו אים אָפּגעבן מיין „מזל טוב״ און „צאָלן מיין רעספּעקט״.

— נו, וואָס זאָגט איר, קאָמעראַד זאַקס, — ווי געפעלט אייך די אינאָ־גאָרײשאָן? מיר קענען זיך איינע די אַנדערע הערצלעך גראַטולירן!...

— דער מזל טוב קומט אייך, קאָמעראַד בערגער! — זאָג איך צו אים מיט גרויס דרך ארץ.

וואָס הייסט נאָר מיר? און וואו זענט איר, און וואו זיינען אַלע אַנדערע, וואָס האָבן געאַרבעט ווי בינען און געפירט צום זיג? מיר מעגן זיך אַ ל ע פרייען. מ י ר אַלע צוזאַמען האָבן געזיגט — האָט בערגער אָפּנהאַרציק געענטפערט מיט אַן אמתן, אויפריכטיקן טאָן.

און אַז איך בין שוין געוואָרן אַביסל אינטימער מיט אים און האָב געזען, אַז וויקטאָר בערגער איז געבליבן אַן אונזעריקער און אַז ער האָט לחלוטין ניט קאַפּיטולירט פאַר דער בורזשואזיע, און וויסנדיק אַז די רעדע איז געווען צוזאַמענגעשטעלט פון אים, פון בערגערן, אַז ער האָט יעדנפאַלס געהאַט אין איר אַ גרויסן חלק, האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

— ווי קומט עס, וואָס קאָמעראַד עמיל זיידעל האָט אין זיין טראָן־רעדע אויסגעמידן דאָס וואָרט סאָציאַליזם?

— יאָ, קאַמעראַד זאַקס, אָבער וואָצו ווערטער דאָרטן, וואו מען מוז האַנדלען. מיר, מילוואָקיער — האָט בערגער מיט גרויס הנאה צוגעלייגט, אַזוי ווי ער וואָלט געוועז צופרידן אַרויסצוזאָגן זיין מיינונג, ווייל ער האָט געוואוסט, אז מען מורמעלט אונטער, דאָס ער איז אַן אָפּאָרטוניסט, ניט קיין אָרטאָדאָקסישער מאַרקסיסט — מיר מילוואָקיער האַנדלען סאָציאַליסטיש און אַז מיר האַנדלען סאָציאַליסטיש, זיינען מיר ניט מחויב צו ריידן סאָציאַליסטיש.

איך האָב בערגערן פאַרשטאַנען און אים געגעבן גערעכט. ער האָט מיר צוגעטראָפן. איך אליין בין שטענדיק געווען — און ביז עד היום — ניט קיין פריינט פון דער פראַזע, פון ווערטער. עס איז ביי מיר אַן אַלטער כלל, אַז ניט יעדערער, וואָס שאָקלט זיך ביי שמונה־עשרה, טאַנצט קדוש, פּראַוועט דביקות און מאַכט העויות פאַרדינט א חלק עולם־הבא. די מאָס, מיט וועלכע איך מעסט מענטשן און באַוועגונגען, זיינען ניט זייערע אני מאמינס, זייערע פּרינציפּן דערקלערונגען, נאָר זייערע האַנדלונגען, זייערע מעשים.

זומער, דעם זעלביקן יאָר דאַכט זיך, איז פאָרגעקומען אין שיקאגא אַ סאָציאַליסטישע נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן. צו דער פּאַרטיי זיינען דעמאָלט געווען צוגעשטאַנען א סך רייכע יונגע לייט, ווי א שטייגער פּעטערסאָן, איינער פון די אייגנטימער פון די „שיקאגא דיילי ניוס“ (אָדער „שיקאגא טריביון“, איך קען אין דער מינוט ניט זאָגן געוויס), ראָבערט האָנטער, פעליקס סטאָוקס, וואָלינג און אַנדערע. זייער אַקטיוו אין דער פּאַרטיי איז דעמאָלט אויך געווען דזשאהן ספּאַרגאָ, וואָס האָט זיך גערעכנט פאַר דעם בעסטן רעדנער און אַגיטאַטאָר. פאַר אָט די אַלע לייט, איז די פּאַרטיי געווען צו לאַנגזאַם, ניט רעוואָלוציאָנער גענוג. זיי האָבן געפאָדערט א מער רעוואָלוציאָנערע פּראָגראַם און שטאַרקערע, מער דרייסטע אַרויסטרעטונגען. עס איז דעמאָלט געווען אין דער מאָדע דער רעוואָלוציאָנערער ראָמאַנטיזם, רעוואָלוציאָנערע שלאָג־ווערטער און פּרינציפּן־דערקלערונגען מיט א שטאַרק רויטן אונטערשלאק, זיינען פאָרגעשלאָגן געוואָרן פון וואָלינגס, סטאָוקס און אַנדערע „גרינע“ סאָציאַליסטן.

דזשאַהן ספּאַרגאָ האָט אויף דער קאָנווענשאָן געהאַלטן אַ פלאַמפייער־דיקע רעדע מיט הויכע, שיינע מליצות. ער האָט צוגעשמידט דעם גאַנצן עולם, וואָס איז געזעסן געשפּאַנט און געשלונגען מיט אָפענע מיילער ספּאַר־גאָס ווערטער.

אין מיטן דער רעדע זע איך, ווי בערגער הויבט זיך אויף פון זיין פּלאַץ און רוקט זיך צו צו דער טיר. איך בין אים נאָכגעגאַנגען — מיך

האָט אויך ניט שטאַרק גענומען ספּאַרגאָס צו רעוואָלוציאָנערע דרשה — און מיט אים פאַרבונדן אַ געשפּרעך. אויף בערגערס פּנים האָט געשוועבט אַ מינע, וואָס האָט מיט זיך אויסגעדריקט טיילוויז פאַרדרוס און טיילוויז בטול.

— איך האָב מורא, זאָגט צו מיר בערגער, אַז איך וועל מוזן פּאַקן מיין קאָפער און זיך אָפּטראָגן פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. די לייט זיינען צו רעוואָלוציאָנער פאַר מיר. אָבער עס מאַכט ניט, באַרואיקט ער מיך, אַזוי ווי איינער זאָגט, וואַרט אַ ווײַלע, איך גיי נאָך ניט, מיר וועלן זען, וואו אָט־די פּראַזיאָרן וועלן לאַנדן (איך געדענק דאָ גענוי דעם אויסדרוק „לאַנדן") מיט צען יאָר שפּעטער...

בערגערס ווערטער זיינען געווען אמתע נביאות.

די אַלע רעוואָלוציאָנערע פייערוועק־ליפערער, די אַלע מויל־העלדן, האָבן נאָך פריער, פאַר די צען יאָר, „געלאַנדעט", ווער אין דער דעמאָקראַטישער, ווער אין דער רעפּובליקאַנישער און ווער בכלל אין דעם סאָציאַליסטן־פּרעסערישן לאַגער. וויקטאָר בערגער אָבער איז ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין לעבן געשטאַנען אויף דער וואַך און געבליבן טריי דעם סאָציאַליזם.

וויקטאָר בערגער איז געווען אַ בעל־מעשה און האָט פיינט געהאַט הויכע ווערטער. מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַן אָפּאָרטוניסט. דאָס איז ניט ריכטיק. ער איז, אמת, געווען גענייגט צו דעם בערנשטייניאַניזם, אָבער ער איז קיינמאָל ניט אַרונטערגעטראָטן פון דעם, אין וואָס ער איז געווען איבערצייגט. פאַר זיין איבערצייגונג איז ער געווען גרייט זיך מקריב צו זיין, ווי דאָס האָט געוויזן זיין שטעלונג אין מלחמה־צייט. בעת אַנדערע זיינען אַנטלאָפן פון קאַמפּס־פּלאַץ, זיך פאַררוקט אין די ווינקעלעך און זיך געהאַלטן נידעריקער פון גראָז און שטילער פון וואַסער, האָט וויקטאָר בערגער געהאַט מוט געוונג צו זאָגן, וואָס ער דיינקט און ער איז פון זיין איבערצייגונג ניט אָפּגעטראָטן אפילו אויף אַ האָר, אפילו ניט דעמאָלט, ווען דאָס האָט געשמעקט מיט צוואַנציק יאָר טורמע.

וויקטאָר בערגערן קומט אויך דער קרעדיט פאַר דער באַוועגונג פון אַן „אָלד איידזש פּענשאָן", וואָס הויבט אָן צו קריגן אַ ממשות אין מאַנכע פון די סטייטס, אויך אין אונדזער ניו יאָרקער סטייט. ער האָט געהאַלטן די ערשטע רעדע אין קאָנגרעס וועגן דעם.

וויקטאָר בערגער איז געווען אַ גלענצנדער, טאַלאַנטפולער שריפטשטעלער אין ענגליש און אין דייטש. זיין שרייבן איז געווען לאָגיש, אויסגעהאַלטן און וויציק. פלעגט אימיצער אריינפאַלן אונטער זיין פּען, פלעגט

ער ארויסקומען א צעקאַליעטשעטער, אַן אויסגעדרייטער. ער פלעגט דער־נאָך האָבן א פּנים פון חוזק. ער איז געווען סאַרקאַסטיש אין באַהאַנדלען די געגנער פון זיין פּאַרטיי. ער איז אָבער געווען האַרציק, וואַרעם, ווען ער פלעגט ריידן און שרייבן וועגן די, וועלכע גלויבן אין דעם, אין וואָס ער האָט געגלויבט.

דער סאָציאַליזם איז פאר בערגערן ניט געווען בלויז אַ ווייטער אידעאַל, נאָר א לעבנס־פּראָגראַם. ער האָט פאַר אים געקעמפט אין זיין טאָג־טעג־לעכן לעבן, ניט נאָר ווען ער איז געווען אין קאָנגרעס. זיין שאַרפע פּען האָט אים ניט וועניק ארויסגעהאָלפן אין זיין קאַמף.

וויקטאָר בערגערס טויט איז א גרויסער פאַרלוסט פאַר דער ארבעטער באַוועגונג. ניטאָ אין די סאָציאַליסטישע רייען עמיצער, וואָס זאָל קענען פאַרנעמען זיין פּלאַץ.



# מאָדהער דזשאָונס

## די מוטער פון די קעמפענדע אַמעריקאַנער „מיינערס"

יעדע נאַציע האָט זיך אחוץ אירע אבות אויך אירע אמהות, מוטערס, ארום וועלכע עס ווערן געוועבט אלערליי שיינע און גוטע לעגענדעס. זיי ווערן ארויסגעשטעלט אלס א מוסטער פון גוטסקייט און ערלעכקייט, פון וועלכע די קינדער און קינדס־קינדער דארפן אראָפּ־נעמען אַ ביישפּיל.

אויך גרויסע באַוועגונגען האָבן אויסער זייערע פאָטערס, די שאַפער פון דער באַוועגונג, אויך זייערע מוטערס, זייערע גרויסע פרויען, וועלכע האָבן מער געווירקט מיט זייערע שיינע מדות און גוטהארציקייט, ווי מיט זייערע טעאָריעס און קלוגער, שכלדיקער פירערשאפט.

מערי העריעט דזשאָונס, וואָס איז איצט געשטאָרבן אינם עלטער פון איבער הונדערט יאָר, איז איינע פון יענע גרויסע פרויען, וואָס האָבן פאַר־נומען אין די ארבעטער־פאַמיליען דעמזעלביקן פלאַץ, ווי אין די רעליגיעזע געמיינדעס די פיר מוטערס (די ארבע אמהות). זי האָט טאַקע געטראָגן דעם טיטל „מאָדהער דזשאָונס", און די ארבעטער פרויען אין די מאַינער־דיסט־ריקטן און אין אַנדערע ארבעטער געגענטן פלעגן זייערע קינדער דערציילן פון איר און אירע שיינע און געהויבענע מעשים, ווי פרומע אידענעס דער־ציילן וועגן דער מוטער שרה.

אויף איר האָט מען אויך געזאָגט, אז ווען זי איז שוין געווען קרוב צו הונדערט יאָר איז זי נאָך געווען אַזוי מוטיק און קאַמפּסלוסטיק, ווי א מיידל פון א יאָר צוואַנציק; און ווען זי איז געווען אַלט צוואַנציק יאָר איז זי געווען אזוי ריין און שיין, ווי אַ קינד פון א יאָר זיבן.

דעם ערשטן מאַי איז מוטער דזשאָונס אַלט געוואָרן הונדערט יאָר. עס איז זיכער א צופאַל, וואָס זי איז געבאָרן געוואָרן אין דעם טאָג, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער סימבאָל פון ארבעטער־אחדות און ברודערשאפט, אָבער דער צופאַל איז ווערט צו דערמאָנען, ווייל מוטער דזשאָונס איז געווען די פאַרקערפּערונג פון ליבשאַפט און סאָלידאַרישקייט פאַר אַלע ארבעטער, אַט פאַר די וועלכע בייען און קליידן, וועלכע אַקערן און זייען און שלעפּן מיט זייער כח און געזונט ארויס אנדערע אוצרות פון די ערד־געדערים.

אין די שווערסטע, פארעקשנטע סטרייקס און לאָקאַוטס, ווען די ארבע־טער זיינען געוואָרן פויגל־פריי, ווען זייערע לעבנס זיינען געוואָרן דערקלערט אַלס הפקר, ווען מען האָט צוגענומען דעם מאָגערן ברויטקאָרב פון זייערע מיילער, ווען מען האָט זיי און זייערע ווייבער און קינדער ארויסגעשטעלט אויף די גאַסן און נאָך געשאָסן אויף זיי, ווי אויף משוגענע הינט, פלעגט שטענדיק די מוטער מערי דזשאָונס דערשיינען אלס אן אמתער מלאך, פלעגט ארומגיין ארום די שוצלאָזע ארויסגעוואָרפענע ארבעטער־פאַמיליען, ווי אן אמתע געטרייע און איבערגעגעבענע מוטער. זי פלעגט זיי ברייגגען שפּייז, קליידער, שיך; פלעגט לעבן און זיין מיט די ארבעטער, זיי טרייסטן, ארייגגעבן מוט און כח אריבערצוטראָגן די שווערע צייט.

שוין אין דער גאַנץ פריער יוגנט האָט די אַט איצט פאַרשטאָרבענע מוטער פון די אַמעריקאנער ארבעטער און די פאַרקעמפּערין פון דער באַוועג־גונג פאַרזוכט דעם טעם פון רדיפות און פאַרפאָלגונגען. איר פאָטער האָט באַלאַנגט צו די „אומצופרידענע", וואָס האָבן פּראָטעסטירט קעגן די אומגע־רעכטיקייטן, וועלכע די שטאַרקע באַגייען קעגן די שוואַכע. ער איז געווען אַן אירלענדישער רעוואָלוציאָנער און זיין לעבן איז גאַנץ אָפט געווען אין סכנה. ווען מערי איז נאָך געווען אַ קינד, קוים זעקס יאָר אַלט, איז איר פאָטער געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן זיין היימלאַנד און זוכן שוץ דאָ אין אמעריקע, וועלכע איז דעמאָלט געווען אן „עיר מקלט" פאַר אַלע פרייהייטס־קעמפער.

א גוטער בעל־מלאכה און א ניט־שלעכטער פאַרדינער, האָט דער פאָ־טער מערין געגעבן א גוטע דערציאונג לויט יענער צייט. זי איז מיידלוויין געווען א געוויסע צייט א לערערין אין א פאָלקס־שול. ניט געקוקט וואָס איר בילדונגס־גראַד איז געווען העכער פון אַלע אַנדערע ארבעטער־קינדער, האָט זי אָבער סיי אידעאָלאָגיש און סיי סאָציאַל געלעבט אין אן ארבעטער־סביבה. די אַרבעטער־ליידן זיינען געווען א י ר ע ליידן, און די ארבעטער־פריידן זיינען געווען א י ר ע פריידן.

אין עלטער פון 31 יאָר (אין 1861) האָט מערי חתונה געהאַט מיט דעם אייזן־אַרבעטער דזשאָרדזש דזשאָונס, וועלכער איז אגב אורחא געווען זייער טעטיק אין דער דעמאָלטדיקער נאָך יונגער אַרבעטער־באַוועגונג.

די דזשאָונס האָבן געפירט א גליקלעך פאַמיליען־לעבן. מערי האָט געבאָרן פיר קינדער און איז געווען א גוטע איבערגעגעבענע פרוי צו איר מאַן און אַ מוטער און א דערציערין פון אירע קינדער. איר אַנטייל אין דער אַרבעטער באַוועגונג איז געווען א פּאַסיווער, זי האָט זיך באַנוגנט מיט דעם, וואָס זי האָט סימפּאַטיזירט מיט איר מאַנס ארבעט און מיט זיינע אידעאַלן.

דאָס שטיל, רואיק און גליקלעך פאַמיליען־לעבן פון מערי און איר מאַן איז אָפּגעהאַקט געוואָרן דורך א שרעקלעכער עפּידעמיע, וואָס האָט אָנגעהויבן צו בושעווען איבער דער סאוט, וואו זיי האָבן געוואוינט. די עפּידעמיע האָט אין איין וואָך צייט זי באַרויבט פון איר מאַן און אירע פיר קינדער.

בלייבנדיק אַן אלמנה האָט מערי ניט געהאַט פון וואַנענט צו לעבן און איז געווען געצוואונגען צו זוכן פּרנסה. די שווערע קלעפּ, וואָס מערי דזשאָונס האָט געקראָגן פון דעם שיקזאַל, האָט אָבער ניט אונטערגעגראָבן איר גייסטיקן כח. פאַרלירנדיק איר מאַן האָט זיך זיך פארקנסט צו דער ארבעטער באַוועגונג, וואו זי האָט געפונען א באַלזאַם פאַר אירע וואונדן. אַנווערנדיק אירע אייגענע קינדער האָט זי אָבער ניט אויפגעהערט צו זיין א מוטער. זי איז געוואָרן די מוטער פון אלע ארבעטער־קינדער, וועמען דאָס לעבן האָט ניט געבאַלעוועט און ניט געלאַסטשעט. אירע מוטערלעכע געפילן האָט זי אַרויסגעוויזן צו אַ ל ע עלנדע, און אַנשטאָט איר אייגענער פאַמיליע האָט זי געבויט א פאַמיליע וועלכע האָט ארומגענומען הונדערטער טויזנטער מענטשן. מערי דזשאָונס האָט איר פּערזענלעכן לעבן אויפגעלייזט אין דעם גאַנצן ארבעטער־לעבן, וואו זי האָט געפונען ניט נאָר א טרייסט פאר אירע פריערדיקע צרות, נאָר אויך מוט און גבורה צו פירן א געראַנגל פאַר דער צוקונפט.

אַלס אַ מיטל צו האָבן חיונה האָט מערי דזשאָונס אויסגעקליבן שניי־דעריי. זי האָט גענייט קליידער פאר די רייכע דאַמען. זי האָט דורך דעם געהאַט א געלעגנהייט זיך צוצוקוקן צו זייער אַרט לעבן, און ווען זי האָט פאַרגליכן דאָס לעבן פון די רייכע, וועלכע שטעקן ניט אריין אַ פינגער אין קאַלטע וואַסער און האָבן פון כל־טוב, און דאָס לעבן פון די אָרעמע ארבע־טער, וועלכע פראַצעווען שווער און ביטער פאַר דעם ביסן ברויט, האָט זי געזען אַז די קאַמפן פון די ארבעטער, צו וועלכע עס האָבן געהערט איר

פאָטער און איר מאַן, זיינען געדעכטע און זי האָט זיך אין זיי אריינגעוואָרפן מיט דעם גאַנצן כח פון איר גרויסער און איידעלער נשמה.

די שטילע, רואיקע, איבערגעבענע ווייב און גוטהארציקע מוטער מערי איז געוואָרן א פייערפלאַמיקע אַגיטאַטאָרין פאַר דער ארבעטער־זאַך. זי האָט אָנגעפאַנגען ארויסצוטרעטן אויף פאַרזאַמלונגען, איז ארומגעפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, האָט גערעדט און אָרגאַניזירט די ארבעטער, אויף וועלכע זי האָט אויסגעאיבט א גוואַלדיקן איינפלוס מיט איר מערקווירדיקער פערזענלעכקייט און מיט איר שטאַרקן גלויבן, אַז עס וועט נאָך קומען אַמאָל א צייט, ווען די ארבעטער וועלן איינעמען דעם אמתן פלאַץ, וואָס זיי קומט, אין דער געזעלשאַפט און וועלן קריגן דעם ריכטיקן חלק אין די עשירות פון פאָלק.

אין יענער צייט האָט עקזיסטירט די „נאַיטס אָוו לייבאָר" (די ריטער פון ארבעט), די פאָרלויפערין פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, און מערי דזשאָונס איז דאָרטן געוואָרן די הויפּט־אַגיטאַטאָרין און אָרגאַניזאַטאָרין וועלכע האָט געצויגן צו זיך גרויס אויפמערקזאַמקייט ניט נאָר בּאַ די ארבע־טער, נאָר בכלל אין די פּראָגרעסיווע קרייזן.

פון דעמאָלט אָן איז מערי העריס דזשאָונס געוואָרן „מאַדהער דזשאָונס".

דער טיטל „מוטער" האָט זיך צו מערי דזשאָונס זייער געפּאַסט. ניט געקוקט וואָס זי פלעגט אַגיטירן און אָרגאַניזירן די ארבעטער, האָלטן פייער־פלאַמיקע רעדעס, פאַר וועלכע זי האָט אפילו געהאַט פאַרזוכט דעם טעם פון טורמע (זי איז געזעסן ניין וואָכן), איז אָבער איר הויפּט־טעטיקייט געלעגן ניט אויפן געביט פון קאַמף, נאָר אויפן געביט פון האַרמאָנישקייט. זי האָט געבראַכט מיט דעם צויבער פון איר פערזענלעכקייט האַרמאָני, ליכט, רואי־קייט און איבערהויפּט האָפנונג אין די ארבעטער היימען.

געאַרבעט און געווירקט האָט מוטער דזשאָונס בּאַ פאַרשיידענע אינ־דוסטריעס, אָבער איר הויפּט־טעטיקייט האָט זי קאָנצענטרירט אין די מיינער־דיסטריקטן, וואו זי איז פּשוט פאַרגעטערט געוואָרן.

איר מוטערליכע באַציאונג צו די מיינערס און זייערע פאַמיליעס, איר ענטוזיאזם פאַר אַלץ, וואָס איז גערעכט, ריין און שיין, האָט איר געשטאַרקט און געגעבן מוּט און כח צו דערגרייכן אַזאַ הויכן עלטער.

דעם ערשטן מאַי האָט מוטער דזשאָונס געקראָגן לכבוד איר הונדערט יאָריקן געבורטסטאָג א סך האַרציקע באַגריסונגען פון פּשוטע פאַרחושכטע ארבעטער, וועמעס גורל זי האָט לייכטער געמאַכט מיט איר ראָט און טאָט. צווישן די באַגריסונגען איז אויך געווען א טעלעגראַמע פון דזשאָן ד. ראקע־פעלער, דזשוניאָר, וועמען זי האָט אַמאָל געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר

דער בלוטבאָד, וואָס איז פאָרגעקומען אין לודלאָו, קאָלאָראַדאָ, אין 1914, ווען די משרתים פון די קוילן באַראָנען האָבן געשאָסן אויף די שוצלאָזע מיינערס, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען צו סטרייקן פאַר בעסערע באַדינגונגען. מען האָט געפייערט אויף מענער, פרויען און קינדער, וועלכע האָבן אפילו ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיך צו פאַרטיידיקן.

מאָדהער דזשאָונס איז שוין געווען צו אַלט און האָט ניט געהאַט קיין כח צוריקצואווייזן די באַגריסונג, וואָס איז געקומען פון ראקעפעלער, די פאַרקערפּערונג פון די אינטערעסן קעגן וועלכע זי האָט איר גאַנצן לעבן געקעמפט.

מוטער דזשאָונס האָט איבערגעלאָזן א ירושה, אן ערך צוועלף טויזנט דאָלער, וואָס וועלן ווערן צוטיילט צווישן פארשיידענע אָרגאַניזאציעס. איר גרעסטע ירושה אָבער איז איר מוטערשאַפט, וואָס זי האָט אַרויסגעוויזן צו אַלע די, וועלכע פינצטערן אָפּ דעם גרעסטן טייל פון זייער לעבן אין די אונטערערדישע גריבער און האָבן אפילו ניט קיין צייט אָנצוקוקן זייערע קינדער, אָדער געדולד צו פאַרברייננגען מיט זייערע פאַמיליעס. אין אָט די פינסטערע קאַלטע לעבנס האָט מוטער דזשאָונס אריינגעבראַכט ליכט און וואַרימקייט.

די קינדער פון די מיינערס און די שטאָל־ארבעטער און אַלע אַנדערע ארבעטער וועלן זיך איצט פילן ווי פאַריתומט —

מוטער דזשאָונס איז געשטאָרבן!

# דר. אב. קאַספּע

## אַ פּיאָנער אין דער קולטור באַוועגונג אויף דער אַמאָלי־גער איסט־סייד

שוין אַ יאָר צייט ווי דער רירעוודיקער, באַ־וועגלעכער, שרייבער, לעקטאָר און כלל טוער דר. אב. קאַספּע ליגט אויפן בית־עולם.

אַ גאַנצער יאָר איז שוין פאַרלאָפן זינט דאָס לעבן האָט זיך אָפּגעזעגנט מיט דעם אַלטן אָבער אייביק יונגן סאָציאַליסט דר. אב. קאַספּע, אָבער עס איז נאָך עד היום זיך שווער צו צוגעוואוינען צום געדאַנק אַז אָט דער ניט הויך געוויקסיקער, טעמפּעראַמענטפולער און ענערגישער מאַן, וואָס האָט ניט געוואוסט פון קיין מידקייט און קיין אַלטקייט, ליגט אין קבר און שווייגט.

דר. אב. קאַספּע האָט מיט זיך פאַרקערפּערט אַ שטיק עפּאָכע אין יידישן לעבן. דאָס איז געווען אַ שיינע, העלדישע עפּאָכע, וואָס האָט איבערגעלאָזן שפּורן אויף דור דורות.

אַ פּראָדוקט פון די זעכציקער און זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָר־הונדערט, אַ תלמיד פון די באַוואוסטע רוסישע נאַטור־פאָרשער סעטשענאָוו, בעכטעריעוו און מענדעליעיעוו, איז קאַספּע אויף זיין גאַנצן לעבן געבליבן דער סטודענט־ניהיליסט ביז דעם לעצטן טאָג פון זיין אָטעמען. טעאָרעטיש קעגן סענטימענטן און קעגן ווייכהאַרציקייט, איז ער אין אמתן געווען זייער סענטימענטאַל און האָט געלעכצט נאָך אמתער פריינדשאַפט, נאָך אַ ברידער־לעכער אַטמאָספערע, וואו עס זאָל הערשן דער פּרינציפּ איינער פאַר אַלע און אַלע פאַר איינעם. אַ מענטש מיט אַ פילזייטיקן וויסן און מיט אַן אומ־

אויפהערלעכן שטרעבן צו דערגרונטעוועז זיך ביזן אָביעקטיוון וויסנשאפט־לעכן אמת, איז דר. קאַספּע געווען איינער פון די בעסטע לערער און וועג־ווייזער אויף דער איסט־סייד, ווען זי, די איסט־סייד, איז נאָך געווען דער צענטער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט ניט נאָר פון ניו יאָרק, נאָר פון גאַנץ אַמעריקע.

אַ מענטש מיט אַ געזעלשאַפטלעכן קאָכיקן טעמפּעראַמענט, האָט ער רעאַגירט און זיך אָפּגערופן אויף אַלע פּאַסירונגען פון אַ גרעסערן אָדער קלענערן געזעלשאַפטלעכן אינטערעס. אַ מענטש מיט אַ ברייטער נאַטור, איז זיין הויז געווען אָפן פאַר אַלע גערופענע און ניט־גערופענע. זיין היים איז געווען דער צענטער פון פאַרשידענע באַוועגונגען, צי ער האָט מיט זיי סימפּאַטיזירט אָדער ניט. פאַרטיידיקנדיק זיין אייגענע מיינונג מיט אַ מאָדנער עקשנות פון אַ טיף איבערצייגטן מענטשן, האָט ער שטענדיק רעס־פּעקטירט אויך די מיינונג פון אַ קעגנער און געווען טאָלעראַנט צו די יעניקע, וועלכע האָבן געפּריידיקט דעם היפּך פון דעם, אין וואָס ער האָט געגלויבט און געווען איבערצייגט. אָפיציעל קעגן רעליגיעזע צערעמאָניעס, איז דר. קאַספּע אין דער אמתן געווען אַ טיף־רעליגיעזע נאַטור. זיין גאָט איז געווען די ריינע וויסנשאפט. זיין גלויבן איז געווען דער סאָציאַליזם. דר. קאַספּע איז געווען איבערצייגט אין זיין גלויבן און האָט געגלויבט אין זיין איבער־צייגונג.

האָבנדיק פיינט מיטן גאַנצן האַרצן די קליינע מענטשעלאך מיט די קליינע השגהלעך, איז דר. קאַספּע גאַנץ אָפט שטאַרק געוואָרן אויסגענוצט און עקספּלואַטירט פון אָט דיזעלבע קליינע נפשות. אָבער דאָס איז ניט געשען צוליב דעם, וואָס ער איז געווען שוואַך, נאָר ווייל ער האָט געדענקט, אַז ער דינט דערמיט דער באַוועגונג, דער ארבעטער באַוועגונג, וועלכער ער האָט געווידמעט זיינע יאָרן און טעג.

צו צוואַנציק יאָר איז ער שוין געווען דער פירער פון דער ווילנער עם־עולם גרופּע, וועלכע האָט זיך אריבערגעקליבן אַהער אין אַמעריקע מיט דעם צוועק איבערצובויען די וועלט, איבערהויפּט די יידישע וועלט, אויף נייע יסודות, אויף די יסודות פון סאָציאַלן יושר און סאָציאַלער גערעכטיקייט. אין דער אַרבעטער באַוועגונג איז ער געווען מער פּראָפּאַגאַנדיסט ווי אַגי־טאַטאָר, מער לערער, ווי רעדנער, מער אויפקלערער ווי דעה זאָגער.

אין פאַרלויף פון פערציק יאָר איז דר. קאַספּע געווען די צענטראַלע פיגור פון דער איסט־סיידער קאָכיקער געזעלשאַפטלעכקייט. האָט מען געוואָלט גרינדן אַ נייע אָרגאַניזאַציע, האָט מען זיך קודם כל מישב געווען מיט דר. קאַספּע, האָט מען געמאַכט אַן אונטערנעמונג, איז מען געקומען צו

דר. קאָספּע נאָך געלט און נאָך אַן עצה. האָט מען באַדאַרפט האָבן אַ נאָמען, אַן „אַטרעקשאָן״, איז דאָס געווען דר. קאָספּע; האָט מען געמאַכט אין יאָרן פון קריזיס אַן אַרבעטער קיך, האָט דר. קאָספּע געמוזט אינדאָרסירן נאָוטס; האָט מען באַדאַרפט באַפּוצן אַ יובילעי־קאָמיטעט, האָט מען דאָס געטאָן מיטן נאָמען פון דר. קאָספּע, גאַנץ אָפט ניט אָנפרעגנדיק אים און קעגן זיין ווילן; איז פאָרגעקומען אַ סכסוך אין טעאַטער, איז דר. קאָספּע געווען דער בורר, דער אַרביטרייטאָר; האָבן די באַוועגונגס־מענטשן זיך געאַמפּערט און ניט גע־קאָנט צווישן זיך אייניקן, איז מען געלאָפן צו דר. קאָספּע, אַז ער זאָל מאַכן אַ פשרה; האָט דער אומפּאַרגעסלעכער יעקב גאָרדין אויפגעבויט אַ דער־ציאונגס אַנשטאַלט (עדיוקיישאָנאַל ליג) פאַר דערוואַקסענע אַרבעטער און אַרבעטערקעס, איז דאָרטן דר. קאָספּע געווען איינער פון די הויפּט־לערער און טוער; האָט אַ ברענטש אָדער אַזוי אַ סאָסייעטי ניט געקענט צאָלן אַ לעקטשורער, האָט מען אַרויסגערופן דר. קאָספּע אין מיטן פון זיינע אָפּיס־שטונדן, ער זאָל לעקטשורן. און דר. קאָספּע איז געגאַנגען; האָט אַ יונגער שרייבער עפּעס געשוואָנגערט מיט אַ נייעם געדאַנק, האָט ער געפרעגט דר. קאָספּעס מיינונג; האָט אַן עלטערער שרייבער געשאַפן אַ גרעסערע ווערק, האָט זיך אים שטאַרק געוואָלט קריגן די הסכמה פון דר. קאָספּע; האָט אַ דראַמאַטורג אָנגעשריבן אַ דראַמע, איז ער ניט געגאַנגען פאַרן טעאַטער עולם איידער ער איז ניט געווען זיכער מיט דר. קאָספּעס מבינות; האָבן די אַק־טיאָרן געהאַט קריוודעס קעגן דעם מענעדזשער, זיינען זיי געלאָפן זוכן שוץ באַ דר. קאָספּע; איז אַ טעאַטער דירעקטאָר געווען אומצופרידן מיט אַן אַקטיאָר, האָט ער גלייך וועגן זיינע צרות דערציילט דר. קאָספּע; איז פאָר־געקומען אַ קריג אין אַ רעדאַקציע צווישן דעם רעדאַקטאָר און די מיטאַר־בעטער, האָבן ביידע צדדים זיך פאַרלאָזט אויפן יושר פון דר. קאָספּע, און דר. קאָספּע האָט דערפילט אַלץ וואָס מען האָט אויף אים אַרויפגעלייגט, אָן שום ווידערשטאַנד. ער האָט זיך קיינמאָל ניט באַקלאָגט, אַז מען פאַרלאַנגט פון אים צופיל, אָדער אַז ער ווערט פאַרמאַטערט פון די קהלשע זאָרגן.

דר. קאָספּע איז ניט געווען קיין קהלשער מענטש. ער האָט קיינמאָל ניט אויסגענוצט זיין הויכע שטעלונג אין דער געזעלשאַפטלעכקייט. ער האָט צו קהל קיינמאָל קיין טענות ניט געהאַט, גיכער האָט קהל געהאַט טענות צו אים. קהל האָט עפּעס באַטראַכט קאָספּען ווי זיין אייגנטום און וואָס זיי קענען דעריבער טאָן מיט אים וואָס עס איז נויטיק.

איך געדענק אַן עפּיזאָד, וואָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער אַמאָליקער איסט־סייד און פאַרן כאַראַקטער פון דעם טיפּישן איסט־סיידער דר. קאָספּע.

דער זשורנאַל „צוקונפט“ איז געלעגן אויף די פּלייצעס פון דר. קאַספּע און נאָך אייניקע פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענטן. „דאָס פאָלק“ פלעגט בלויז קומען זאָגן דעות און שרייען אויף די „אינטעליגענטן“. די מיטינגען פלעגן פאַרקומען שפּעט באַנאַכט און פלעגן זיך אַלעמאָל פאַרציִען ביז נאָך האַלבע נאַכט. האָט איינמאָל „דאָס פאָלק“ געמאַכט אַ רעוואָלוציע און האָט אַרונ־טערגעוואָרפן דעם פאַרוואַלטונגס־ראַט, וואו עס זיינען געווען אַקטיוו דר. קאַספּע און נאָך עטלעכע. דאָס איז געווען אַ רעוואָלוציע קעגן די אינטעלי־גענטן, וואָס קומען שפּעט צו די מיטינגען און רעכענען זיך ניט מיט די „מאַסן“, וועלכע דאַרפן אויפשטיין פרי. די „אינטעליגענטן“ האָבן זיך אונ־טערגעוואָרפן דעם ווילן פון „פאָלק“ און זיך צוריקגעצויגן. האָט אָבער ניט געדויערט מער ווי צוויי טעג, ווי „עמך“ איז געקומען צו דר. קאַספּע מיט טענות, פאַרוואָס ער און זיינע חברים דאָקטוירים וואַרפן אינגאַנצן ארויף די לאַסט פון דער „צוקונפט“ אויף די אַרבעטער. זיי האָבן געפאָדערט, ער זאָל אומבאַדינגט זיך איינשפּאַנען און שלעפּן דעם יאָך פון דער „צוקונפט“. קאַספּע האָט שוין געהאַט פאַרגעסן די שטעכווערטלעך, וואָס מען האָט אויף דעם מיטינג מיט צוויי נעכט צוריק געשליידערט אים אין פּנים אריין און איז צוריק ווי אַ געהאָרכזאַמער דיסציפּלינירטער סאָלדאַט געגאַנגען אין שפּאַן אום צו ראַטעווען די „צוקונפט“. באַליידיקן זיך אָדער גאָר נקמה נעמען — דאָס איז ניט געווען אין קאַספּעס נאַטור. קאַספּע, ווי געזאָגט אויבן, איז ניט געווען אַ שוואַכער מענטש, נאָר דוקא פאַרקערט, ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, וועלכער איז געשטאַנען א סך העכער פון די פאַרשידענע קליינינקייטן, וואָס מען געפינט גאַנץ אָפט ביי געוויינלעכע כלל־טוער.

איסט בראָדוויי איז געווען באַרימט מיט אירע גדולים, מיט אירע ראַדיקאַלע פירער און טאָן־געבער. איסט בראָדוויי איז געווען די מזרח־וואַנט פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. יעקב גאָרדין, מאיר לאָנדאָן, דר. פּאָול קאַפּלאַן, פיליפּ קראַנץ, יצחק אייזיק הורוויץ, דר. זאָלאָטאַראָוו, עדוואַרד קינג — אַ מערקווירדיקער טיפּ פון די חסידי אומות העולם, ער האָט זיין גאַנץ לעבן געווידמעט דער אויפגאַבע צו פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די יידישע מאַסן, אַליינינקאָף, לואי מילער און נאָך און נאָך. יעטוועדער פון אָט די פאַרשטאָרבענע און פון אַנדערע, וועלכע לעבן נאָך, האָט ניט ווייניק בייגעטראָגן צו דער געשיכטע פון דער איסט סייד. די אויסגערעכנטע פּערזענלעכקייטן זיינען געווען די גייסטיקע קוואַלן, פון וועלכע עס האָבן זיך גענומען אַלע געזעלשאַפטלעכע שטרעמונגען סיי אין לעבן און סיי אין דער ליטעראַטור און אין דער פּרעסע. און צווישן זיי אַלעמען האָט דר. אב.

קאָספּע מיט זיך פֿאַרגעשטעלט אַ גאַנץ קאַפּיטעל פֿון דער מערקווירדיקער אַמאָליקער יידישער איסט סייד. ער איז געווען אַ מין קנויל, פֿון וועלכן עס האָבן זיך געשפּונען פֿאַרשידענע גייסטיקע פֿעדים אויף פֿאַרשידענע געביטן.

שיין האָט אויסגעקוקט די איסט סייד אין דעם דור פֿון גאָרדין, לאָנדאָן און קאָספּע. די איסט סייד איז דעמאָלט געווען אַ קאָמבינאַציע פֿון פֿאַרשידענע מערקווירדיקע אינסטיטוציעס, וואו יעדער איינער, וואָס האָט גע־דאָרשטיקט נאָך וויסן, האָט געקענט טרינקען מיט דער פֿולער מאָס. שיין זיינען געווען די יידישע גדולים באַ דער געזעלשאַפֿטלעכער ארבעט און שיין זיינען זיי געווען אין די אָפּרו שטונדן מיט זייערע שיחת חולין, ווען זיי פֿלעגן זיצן 2, 3 און 4 אַזייגער באַנאַכט אין די איסט סיידער קאַפֿעס און שמועסן באַ אַ גלעזל טיי וועגן שעקספּיר און איבסען, וועגן הויפּטמאַן און זודערמאַן, וועגן טורגעניעוו און דאָסטאָיעווסקי, וועגן טשעכאָוו און גאָרקי.

די איסט סייד איז צום באַדויערן איצט געוואָרן אַ שטיק פֿאַרגאַנגענ־הייט. זי איז געוואָרן געשיכטע — אַ געשיכטע, וואָס וואַרט אויף איר באַ־שרייבונג.

# דער ערשטער אָנהויב פון אַן אַרבעטער באַוועגונג אין אמעריקע

שוין אין אָנפאַנג פונם ניינצעגטן יאָר־הונדערט האָבן זיך אין די פּאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע אָנגעפאַנגן צו גרינדן טרייד־יוניאָנס מיט דעם צוועק צו באַשיצן לוין־אַרבעטער.

בשעת אין די אייראָפּייאישע לענדער, אַ חוץ ענגלאַנד, זיינען בלויז געמאַכט געוואָרן שוואַכע, צופעליקע פּאַרזוכן צו אָרגאַניזירן די אַרבעטער קעגן קאַפּיטאַל, באַגעגענען מיר דאָ, אין אַמעריקע, אַן אומאָפּהענגיקע אַר־בעטער־באַוועגונג מיט מער אָדער ווייניקער פעסטע אָרגאַניזאַציעס.

די ערשטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע האָט זיך דאָ, אין אַמעריקע, באַ־וויזן כמעט אין דער זעלביקער צייט, ווען אין ענגלאַנד, דאָס קלאַסישע לאַנד פון קאַפּיטאַליזם, האָט זיך אָנגעהויבן די טרייד־יוניאָן־באַוועגונג.

די לאַגע פון די אַרבעטער איז דעמאָלט ניט געווען וואָס מקנא צו זיין. די מעגלעכקייט צו ווערן רייך, וואָס איז אין יענער צייט געווען זייער גרויס, האָט שטאַרק געררייצט דעם אַפּעטיט פון די אונטערנעמער. וואָס רייכער זיי זיינען געוואָרן, אַלץ גרעסער איז געשטיגן באַ זיי דער חשק צו ווערן נאָך רייכער. דאָס גמרא־ווערטל, אַז מען האָט איין הונדערט ווילט זיך האָבן צוויי הונדערט (אם יש לו מנא רוצה מאתיים) איז אין אַ פולער מאָס באַשטעטיקט געוואָרן דורך דעם אימפּעט פון די אַמעריקאַנישע „אינ־דוסטריע־קאַפּיטאַנען“. זיי האָבן אַרויסגעזאָגט דאָס געזונט און לעבן פון זיך און נאָך מער פון אַנדערע אום צו מאַכן אַ פּאַרמעגן. מען פלעגט אַר־בעטן פון זונען־אויפגאַנג ביז זונאונטערגאַנג. און ניט נאָר מאַנספּאַרשוינען האָבן געהאַט אַזאַ לאַנגן אַרבעטס־טאָג, נאָר אפילו פרויען און קינדער פלעגן אַרבעטן פון „זון ביז זון“.

פרויען און קינדער־אַרבעט איז געווען אַ נויטווענדיקייט פּשוט דער־פּאַר, וואָס די שכירות זיינען געווען זייער קליין און האָבן ניט געקלעקט

אויסצוהאַלטן אַ גאַנצע פאַמיליע. די אַרבעטער פון בילדינג-טרייד (די בוי-אַרבעטער), ווי די ציגל-טרעגער און וואַפּנע-מישער, פלעגן קריגן זיבעציק דאָלאַר אַ יאָר שכירות און עסן. קליידער האָבן זיי געמוזט האָבן אייגענע. און, מ׳שטיינס געזאָגט, וואָס פאַר אַן עסן דאָס איז געווען! מיט די ערגסטע, די ביליקסטע און די גרעבסטע „נאַרונגס מיטלען" האָט מען געשפּייזט די לוין-שקלאַפן.

אין אָלבאַני, ניו יאָרק, פלעגט אַן אַרבעטער קריגן 40 סענט אַ טאָג. אין באַלטימאָר האָט מען זיך באַנוגנט מיט 18 סענט אַ טאָג. אין לאַנ-קאַסטער, פּאַ., זיינען די שכירות געווען פון 8 ביז 10 דאָלאַר אַ מאָנאַט. דאָס האָט געהייסן גוט באַצאָלט. ניט זעלטן פלעגט מען זיך באַפרידיקן מיט 5—6 דאָלאַר אַ מאָנאַט אַרבעטס-לוין. אין ווירדזשיניע פלעגן זיך ווייסע אַרבעטער פאַרדינגען פאַר 53 דאָלאַר אַ יאָר.

די דורכשניטלעכע שכירות איבערן גאַנצן לאַנד האָבן אין יענער צייט באַטראָפן ניט מער ווי 65 דאָלאַר א יאָר.

די קליינע פאַרדינער און די פאַרדינערקעס זיינען באַהאַנדלט געוואָרן אין די אַרבעטער-פּלעצער מיט דער גרעסטער אכזריות.

אין פּעטערסאָן, ניו דזשוירזי, האָבן די פרויען און די קינדער געמוזט זיין צו דער אַרבעט ניט שפּעטער ווי האַלב נאָך פיר פאַרטאָג. איבער זיי האָבן אַכטונג געגעבן אמתע שקלאַפן-טרייבער, וועלכע האָבן זיך ניט באַ-דאַרפט שעמען מיט זייער גרויזאַמקייט פאַר די אויפּפּאַסער (די שוטרים), וואָס פרעה האָט אַוועקגעשטעלט אין מצרים איבער די אידישע ליים-קנע-טער און ציגל-ברעכער. מיט רימענס און ראַפּניקעס האָט מען געשלאָגן די שוואַכע פרויען און די יונגע קינדערלעך, זיי זאָלן זיך ניט „פוילן". די פאַבריקן און די שעפער זיינען געווען עכטע קאַטאָרגעס, וואו די אַרבעטער פלעגן ווערן פאַרמוטשעט ביז טויט. די קינדער האָבן אַזוי מורא געהאַט פאַר די „פאָרלייט", אַז זיי פלעגן ניט זעלטן באַגיין זעלבסטמאָרד, איידער צו גיין צו דער אַרבעט.

אין אַזאַ קליין שטעטל ווי פּעטערסאָן האָבן אין יאָר 1835 אין די פאַבריקן געאַרבעט זעקס הונדערט קינדער אונטער זעכצן יאָר. אין אַ רעפּאָרט, וואָס איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין לעדזשיסלייטשור פון מאַ-סאַטשוזעטס אין יאָר 1825 ווערט דערציילט, אַז 928 קינדער אַרבעטן אין די פאַרשיידענע פעקטאָריס. אומגעפער אַזאַ צושטאַנד האָט געהערשט אין פּענסילווייניע, אין ניו דזשוירזי און אין אַנדערע סטייטס.

איז נאָך ניט געווען גענוג דאָס קערפּערלעכע פאַרשקלאַפן, האָט מען געזוכט צו עקספּלואַטירן די נשמה פון דעם אַרבעטער. מען האָט געזוכט

אַלערליי תחבולות, אום צו מאַכן די אַרבעטער זיי זאָלן גיין אין קירך און דאַנקען גאָט פאַר די חסדים, וואָס ער טוט מיט זיי. ווייסע לוין־שקלאַפן פלעגן ווערן אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט, אויב מען האָט אויס־געפונען, אַז זיי גייען ניט „גאָט בעטן".

געזעצלעך פריי און אומאָפּהענגיק, זיינען די ווייסע אַרבעטער אין אמתן געווען, צוליב דער פינצטערער חיונה, פאַרשקלאַפט בא די אַרבעטס־געבער. די אונטערנעמער פלעגן אויף די אַרבעטער אַרויפלייגן פאַר־שיידענע אָפּצאָלונגען, ניט אָנפרעגנדיק, צי זיי, די אַרבעטער, זיינען מרוצה דערצו. די אַרבעטער האָבן געמוזט נאָכקומען די קאַפּריזן פון זייערע „ברויט־געבער" אפילו אויסער דער אַרבעט. די אונטערנעמער זיינען געווען גאָטס סטראַפּטשעס און האָבן געהאַלטן פאַר זייער חוב אויפצופּאַסן, השגחה געבן אויף דער מאָראַל פון די אַרבעטער. אלמנות, אַרבעטערינס, אַ שטייגער, האָבן זיך ניט געטאָרט ווייזן אויף דער גאַס, טאָמער ווערן זיי, חס וחלילה, געשטרויכלט.

די „דירות", וואו די אַרבעטער האָבן געוואוינט, זיינען געווען ענגע, שמוציקע, פייכטע קעלערס, וואו עס פלעגן בושעווען אַלערליי קלעפּיקע קראַנקהייטן. די ניו יאָרקער טענעמענט הייזער זיינען אמתע פּאַלאַצן אין פאַרגלייך מיט די אַרבעטער־„וואוינונגען" פון יענער צייט.

עס פאַרשטייט זיך, אַז אַזוינע באַדינגונגען פאַר אַרבעט און אַר־בעטער האָבן געמוזט אַרויסרופן אַ פּראָטעסט מצד די לוין־שקלאַפן. אין אָנפאַנג האָבן זיי געליטן און געשוויגן, בפרט נאָך, ווען די גלחים און אַלערליי כלי־קודש האָבן ניט אויפגעהערט צו פּריידיקן אין די קירכן, אַז אַלץ, וואָס קומט פאַר אונטן איז אָנגעחתמעט פון אויבן, אַז אין דעם, וואָס די אַרבעטער דאַרפן זיך אַזוי קווען, איז קיינער ניט שולדיק. עס איז אַ גאָט־זאַך און מען מוז מקבל באהבה זיין אַלע יסורים.

די געדולד פון די אַרבעטער האָט אָבער, סוף־כל־סוף, געפּלאַצט און זיי האָבן זיך גענומען צו זייער איינציקן וואָפן — צום סטרייק. וואַרפן די אַרבעט — דאָס איז געווען דער איינציקער מיטל, דורך וועלכן די אַרבעטער האָבן אויסגעגאָסן די אָנגעקליבענע ביטערניש און גאַל.

דער ערשטער סטרייק איז פאָרגעקומען אין יאָר 1741, אין ניו יאָרק, באַ די בעקער־אַרבעטער. ווייטער, זיינען געווען עדות פון סטרייקס די יאָרן 1796, 1798 און 1799. אַ גרויסער סטרייק פון מאַטראָזן האָט אויס־געבראָכן אין יאָר 1802 אָדער 1803, אין ניו יאָרק. די סטרייקערס האָבן געמאַרשירט איבער דער שטאָט, אונטער די קלאַנגען פון אַ קאַפּעליע מוזיק, אום באַקאַנט צו מאַכן דעם זייטיקן עולם מיט זייערע פאָדערונגען

און צו צווינגען יעדן מאַטראָז צו וואַרפן די אַרבעט, כל זמן די פאָדערונ־גען ווערן ניט נאָכגעגעבן.

דער סטרייק פון די מאַטראָזן האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. די קאָנס־טאַבלער זיינען געקומען און האָבן אַרעסטירט דעם סטרייק־פירער און אים אַריינגעזעצט אין טורמע. די געזעצן פון לאַנד, סטייט, און שטאָט זיינען דעמאָלט געווען געשריבן אין די אינטערעסן פון די אונטערנעמער, אָבער ניט פאַר די אַרבעטער. די אַרבעטער זיינען געווען הפקר. מיט זיי האָט מען זיך געקאָנט באַגיין ווי ס'האַרץ האָט געגלוסט. טאָמער פלעגן זיי אָנהויבן צו פּראָטעסטירן, פלעגט גלייך ווערן אַ ויצעקו: קאַראַאול! אַ קאָנספּיראַציע! אַן אויפשטאַנד! און די פּאָליציי פלעגט אונטערדריקן די „קאָנספּיראַציע" אויף דעם ברוטאַלסטן אופן.

די געזעצן, וואָס זיינען אויסגענוצט געוואָרן קעגן די אַרבעטער, האָבן אָבער זיי ניט אָפּגעהאַלטן פון גרינדן אָרגאַניזאַציעס, וועלכע זאָלן פאַר־טיידיקן זייערע אינטערעסן.

אין 1873 האָט איבערן לאַנד אויסגעבראָכן אַ גרויסער אינדוסטריעלער און פינאַנציעלער קריזיס.

די נויט פון דער אַרבעטער־באַפעלקערונג אין די גרויסע אינדוסט־ריעלע צענטערס איז געווען אומגעהויער גרויס. אָרימקייט, הונגער קעלט, קראַנקהייטן און אַלע אַנדערע מלאכי־חבלה, די באַגלייטער פון אַ קריזיס, האָבן אַרויסגערופן אין די אַרבעטער־קרייזן גרויס פאַרביטערטקייט און שטאַרקע פּראָטעסטן.

אין ניו יאָרק זיינען דעמאָלט אַרומגעגאַנגען ליידיק איבער הונדערט און אַכציק טויזנט מענטשן. זייערע שוואַרצע פאַרחושכטע פּנימער, זייערע אויסגעלאָשענע אויגן און זייערע פאַרטריקנטע ליפּן האָבן דערציילט שרעק־לעכע געשיכטעס וועגן זייער עלנט, דחקות און נויט. יאוש און פאַר־צווייפלונג האָבן געהערשט אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן. דעם אַרבעטערס איינציקע סחורה, פון וואָס ער ציט זיין חיונה, זיין כח, איז געוואָרן זייער ביליק. קיינער האָט זיך אויף איר ניט נאָכגעפרעגט. קיינער האָט זיך אין איר ניט גענויטיקט, ווייל אַלע רעדער זיינען געשטאַנען שטיל און קיינער האָט זי ניט געקויפט.

עס איז צונויפגערופן געוואָרן דורך די סעקציעס פונם אינטערנאַ־ציאָנאַל, צוזאַמען מיט אַמעריקאַנישע טרייד־יוניאָנס, אַ גרויסער מאַסמיטינג אין קופּער יוניאָן. אויף דעם מיטינג איז באַשלאָסן געוואָרן אויסצוקלייבן אַן עקזעקוטיווע אָנצופירן די באַוועגונג פון די אַרבעטסלאָזע.

די עקזעקוטיווע האָט אויסגעאַרבעט אירע פאָדערונגען. אַ שטייגער:

1) צו געבן די אַרבעטסלאָזע באַשעפטיקונג אין קהלשע אונטערנעמונ־גען; 2) געבן די נויטבאַדערפטיקע אַ וואָך שכירות אין פאָראויס און 3) די לענדלאָרדס זאָלן ניט קאָנען אַרויסוואַרפן די טענענטס (שכנים), וואָס קאָנען ניט צאָלן קיין דירה־געלט.

אין אַלע טיילן פון שטאָט זיינען גערופן געוואָרן מיטינגען, וואו די רעדנער האָבן מיט בולטע פאַרבן געשילדערט די לאַגע פון די אַרבעטס־לאָזע פון איין זייט און וואו עס איז געוואָרן אָנגעוויזן אויף די ווידער־שפרוכן פון דעם קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם, וועלכער איז ניט אימשטאַנד איינצוזאַמען און באַהערשן די כחות, וואָס ער אַליין האָט אַרויסגערופן.

דעם 13טן יאַנואַר, 1874, איז אין ניו יאָרק פאָרגעקומען אַ ריזיקע דעמאָנסטראַציע פון אַרבעטסלאָזע אין דער פאָרם פון אַ פּראָצעסיע, וועלכע, — אַזוי איז געווען באַשטימט — האָט זיך לכתחילה געזאָלט אָנהויבן פון סיטי האָל.

די שטאָט־באַלעבאַטים האָבן אָבער ניט דערלאָזן, אַז די דעמאָנסטראַ־ציע זאָל זיך אָנפאַנגען פון סיטי האָל, און די עקזעקוטיוו קאָמיטע האָט פאַר דעם צוועק אויסגעקליבן טאָמפּקינס סקוועיר.

אין דער באַשטימטער צייט פאַר דער פּראָצעסיע האָבן געשטראָמט מענטשן פון אַלע עקן שטאָט. די דעמאָנסטראַנטן האָבן זיך געהאַלטן רואיק. די פּראָצעסיע איז געווען אין אַן אויסגעצייכנטער אָרדענונג. מען האָט געהאָפט, אַז דער סיטי מעיאָר וועט אַדרעסירן די אַרבעטסלאָזע און פאַר־שלאָגן געוויסע מיטלען ווי צו פאַרלייכטערן דעם דלות.

אָנשטאָט דעם מעיאָרס רעדע האָבן זיך אויף די דעמאָנסטראַנטן אַרויפגעוואָרפן, גאָר אומדערוואַרט, פּאָליסלייט, וועלכע האָבן געשלאָגן מיט זייערע קלאָבס רעכטס און לינקס אָן אַ ברעקל איינזעעניש. הונדער־טער אַרבעטער זיינען פון די קלעפּ געוואָרן שווער פאַרוואונדעט. איז דאָס נאָך געווען ווייניק, זיינען אַ סך אַרבעטסלאָזע פון דער דעמאָנסטראַציע געוואָרן אַרעסטירט פאַר „שטערן די אָרדענונג“.

די אכזריותדיקע באַנעמונג פון דער פּאָליציי האָט ניט נאָר איבער־געלאָזן בלויע צייכנס און שטאַרקע וואונדן אויף די רוקנס און אויף די געזיכער, נאָר האָט אויך איבערגעלאָזן טיפע סילאַדן פון פאַרביטערטקייט אין די נשמות פון די אַרבעטער.

אַן ענלעכע דעמאָנסטראַציע איז פאָרגעקומען אין שיקאַגאָ, וואו די סעקציעס פונם אינטערנאַציאָנאַל, צוזאַמען מיט אַנדערע אַרבעטער־אָר־גאַניזאַציעס, האָבן אָנגעהויבן אַ באַוועגונג צו גונסטן פון די אַרבעטס־לאָזע.

דעם 21טן דעצעמבער, 1873, האָבן די פירער פון דער באַוועגונג איינגערופן אַ מאַסמיטינג, וואו עס האָבן זיך באַטייליקט פינף טויזנט מענטשן. רעדעס זיינען געוואָרען געהאַלטן אין פינף שפּראַכן. עס איז דערוויילט געוואָרן אַ קאָמיטע פון אַכט, וואָס זאָל אויסאַרבעטן און צו־שטעלן די פאָדערונגען צום סיטי קאָונסיל. אום אַרויסצרופן מער אויפ־מערקזאַמקייט איז געוואָרן באַשלאָסן, אַז די אַרבעטסלאָזע זאָלן באַגלייטן די דעלעגאַציע צום סיטי קאָונסיל.

אויף מאָרגן האָט שיקאַגאָ געזען די גרעסטע דעמאָנסטראַציע אין איר געשיכטע. אַן עולם פון איבער צוואַנציק טויזנט איז נאָכגעגאַנגען די אַכט דעלעגאַטן. די דעמאָנסטראַציע איז געווען אין בעסטער אָרדענונג. עס האָט גיכער געהאַט דעם אויסזען פון אַ דיסציפּלינירטן מיליטערישן פּאַראַד, ווי אַ פּראָצעסיע פון פאַרביטערטע, הונגעריקע אַרבעטער.

די שטאָט־טאַטעס פון סיטי קאָונסיל האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן און האָבן פאַרשפּראָכן צו טאָן אַלץ, וואָס עס איז נאָר מעגלעך, אום צו לינדערן די נויט. זיי האָבן איינגעלאַדן די דעלעגאַציע צו אַ קאָנפערענץ אויסצואַרבעטן צוזאַמען פּלענער קעגן אַרבעטסלאָזיקייט.

פון דער קאָנפערענץ האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזן. די אַרבעטסלאָזע זיינען געבליבן מיט ליידיקע מאָגנס. די באַוועגונג גופא האָט אָבער געהאַט איר ווירקונג. זי איז געווען דער באָדן, פון וועלכן עס האָט אַרויסגע־שפּראָצט „די אַרבעטער־פּאַרטיי פון אילינאָי" (דהי לייבאָר פּאַרטי אָוו אילינאָי) מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון צוויי טויזנט.

אַ חוץ אין ניו יאָרק און אין שיקאַגאָ זיינען אַרבעטסלאָזע־דעמאָנסט־ראַציעס פאָרגעקומען אויך אין אַנדערע שטעט, אין פילאַדעלפיע, סט. לואיס, סינסינעטי און נואַרק, ניו דזש.

די אַרבעטער־פּאַרטיי אין אילינאָי איז אויך געווען דער רעזולטאַט פון אַ שפּאַלטונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין די סעקציעס פונם אינטער־נאַציאָנאַל.

ווי מיר האָבן שוין אין פאַריקן קאַפּיטל געזאָגט, פלעגן די סעקציעס אָפּהאַלטן פעריאָדישע קאָנווענשאָנס צו באַשטימען די פּאָליסי (די ריכ־טונג). אויף דער צווייטער קאָנווענשאָן, וואָס איז פאָרגעקומען דעם עלפטן אַפּריל, 1874, אין שיקאַגאָ, האָט זיך צוליב די פּאַסירונגען פונם קריזיס־יאָר אָנגעהויבן אַ שאַרפע דיסקוסיע איבער פראַגן פון טאַקטיק, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַל דאַרף אָננעמען.

מאַנכע פאַרטרעטער האָבן געטענהט, אַז די סעקציעס דאַרפן זיך מער אָפּגעבן מיט דער היגער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי מיט דער אייראָ־

פייאישער און אַז מען באַדאַרף צוציען אפילו די ניט עכט־סאָציאַליסטישע עלעמענטן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. די עלטערע און מער איינפלוס־רייכע פירער, וועלכע האָבן זיך זייער געהאַלטן אָן די דאָגמעס (די בוכ־שטעבלעכע סטאַטוטן) פונם אינטערנאַציאָנאַל, האָבן דערצו ניט מסכים געווען. באַ זיי איז געשטאַנען אויפן ערשטן פּלאַן די ריינקייט פון פּרינ־ציפּן.

דער רעזולטאַט פון אָט דער מחלוקת איז געווען די גרינדונג פון „דהי לייבאָר פּאַרטי אָוו אילינאָי".

די זעלביקע מיינונגס־פאַרשיידנהייטן, וועלכע האָבן אויך געפירט, ווי דער שטייגער איז, צו פּערזענלעכע רייסערייען און אָנגריפן, זיינען פאָרגעקומען אין ניו יאָרק. דאָ האָבן אויך אייניקע סעקציעס זיך צוריק־געצויגן פונם אינטערנאַציאָנאַל און האָבן מיט אייניקע מאָנאַטן שפּעטער אָרגאַניזירט „דהי סאָשל דעמאָקראַטיק וואָירקינגמענס פּאַרטי אָוו נאָרט אַמעריקאָ".

# די ערשטע אַרבעטער אָרגאַניזאַציעס אין אמעריקע

אין 1803 האָט זיך אָרגאַניזירט א יוניאָן פון שיף־אַרבעטער.

אין 1806 איז געגרינדעט געוואָרן אַ קאַרפּענטער־יוניאָן.

אין 1807 האָבן די שריפטזעצער געגרינדעט אַ יוניאָן.

אין 1827 האָט זיך אָרגאַניזירט די ערשטע לאָקאַלע צענטראַלע קערפּערשאַפט אויפן אַמעריקאַנישן באָדן — דאָס איז געווען די מעכאַניקער יוניאָן, אַ טרייד אַסאָסיאיישאָן אין פילאַדעלפיע.

די אַרבעטער האָבן זיך אָנגעפאַנגען צו באַוועגן אויף זייער אייגענער ליניע און האָבן אָנגעהויבן זיך צו באַפעסטיקן אויף פאַרשיידענע פּאָזיציעס.

זעקס יאָר שפּעטער איז אַן אַנדער צענטראַלע קערפּערשאַפט געשאַפן געוואָרן אין ניו יאָרק. דאָס איז די „דזשענעראַל טריידס יוניאָן".

אין 1834 איז אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט פון די אַמעריקאַנער טרייד־יוניאָנס אונטערן נאָמען „נעשאָנאַל טריידס יוניאָן".

די נעשאָנאַל טריידס יוניאָן האָט געלעבט פיר יאָר און האָט אָפּגעהאַלטן דריי גענעראַלע קאָנווענשאָנס.

אַן אַרבעטער באַוועגונג, מעג זי זיין אַ ריין עקאָנאָמישע און מעגן אירע אויפגאבן זיין לאָקאַלע, טעגלעכע, מעג איר פּראָגראַם זיך באַנוגענען בלויז מיט געגנוואַרטס פאָדערונגען און זיין פאַרבונדן מיט דעם אָרט און מיט דער צייט, שטעלט מיט זיך תמיד פאָר אַ פרוכטבאַרן באָדן פאַר סאָציאַליסטישע אידעאַלן, ניט געקוקט וואָס די אידעאַלן האָבן צו טאָן מיט דער וויטער צוקונפט.

אין 1826 איז אין ניו יאָרק דערשינען אַ ווערק פון ל. באילעסבי אונטערן נאָמען: „די אורזאַכן און פאָלגן פון אומגלייכער רייכקייט". אין

דעם ווערק ווייזט דער פּראָפעסער אַרויס גרויס חריפות און קלאָרע סאָ־ציאַליסטישע אָנשויאונגען. אין זיין אַנאַליז פון דער איצטיקער אינדוסט־ריעלער סיסטעם און איר ווירקונג אויף אַרבעט, שטייט ער זייער נאָענט צו אונדזערע היינטיקע מאָדערנע סאָציאַליסטן.

אין 1829 איז דערשינען אַ בוך פון טאָמאָס סקאַידמאָר, וואו דער פּראָפעסער אַנטוויקלט די זעלביקע געדאַנקען, ווי באַילעסבי.

אַחוץ זיי, זיינען געווען אַנדערע אָנגעזעענע שריפטשטעלער, וועלכע האָבן שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען די היסטאָרישע שליחות, וואָס די אַר־בעטער דאַרפן דורכפירן.

אונטער דעם איינפלוס פון זייער אַגיטאַציע האָט זיך, באַם סוף פון די צוואַנציקער יאָרן און אין אָנפאַנג פון די דרייסיקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, אָרגאַניזירט אַ פּ אָ ל י ט י ש ע אומאָפּהענגיקע אַרבע־טער־פּאַרטיי אין ניו יאָרק סטייט. אין דער פּלאַטפאָרמע פון דער פּאַרטיי איז, צווישן אַנדערע פונקטן, געווען די פאָדערונג אָפּצושאַפן שוואַרצע און ו ו י י ס ע שקלאַפעריי.

די פּאַרטיי האָט אין יאָר 1830 אָפּגעהאַלטן אַ סטייט־קאָנווענשאָן אין סיראַקיוז און האָט נאָמינירט אַן אייגענעם גאָווערנאָר, יעזעקיעל וויליאַמס. וויליאַמס האָט געצויגן עטוואָס ווייניקער ווי דריי טויזנט שטימען. אין שטאָט ניו יאָרק, וואו די אַרבעטער־פּאַרטיי האָט זיך פאַראייניקט מיט די ליבעראַלן, זיינען פון זיי דערווײלט געוואָרן פיר מיטגלידער אין לעדזשיס־לייטשור.

אין די נעקסטע פיר יאָר איז די פּאַרטיי פון די אַרבעטער, משמעות, ניט געווען טעטיק אין פּראַקטישער פּאָליטיק. זי האָט יעדנפאַלס פון זיך ניט געלאָזט הערן. אין 1835 האָט איר פּלאַץ געירשנט „די פּאַרטיי פאַר גלייכע רעכט, וועלכע האָט געשיקט צוויי פאַרטרעטער אין דער לעדזשיסלייטשור.

אין 1831 איז אויך אין מאַסאַטשוזעטס אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אומ־אָפּהענגיקע פּאַרטיי פון אַרבעטער. מיט אַ יאָר שפּעטער האָט זי אָנגענומען דעם נאָמען: „די ניו־ענגלאַנד אַסאָסיאיישאָן" פון פאַרמערס, מעקעניקס און אַנדערע אַרבעטסלייט. אין איר פּלאַטפאָרמע איז אויך געווען אַ הויפּט־פאָדערונג: דאָס אָפּשאַפן פון נעגער־שקלאַפעריי און לוין־שקלאַפעריי.

אַזוינע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן אָבער געהאַט קורצע טעג. זיי האָבן עקזיסטירט אַ קליינע צייט. אויך די אַנטוויקלונג פון דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג איז ניט געגאַנגען אַזוי גלאַטיק. זי איז געבליבן שטיין און מאַנכעס מאָל געגאַנגען צוריק צוליב די עקאָנאָמישע קריזיסן, וואָס

זיינען דעמאָלט פאָרגעקומען. איבערהויפּט האָבן געמאַכט אַ תל פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס די קריזיסן פון 1837 און 1857.

דער קערן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע איז אָבער ניט געטויט געוואָרן. ער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין זיין אַנטוויקלונג, אין זיין וואַקסן, אָבער פאַרשוואונדן איז ער ניט.

גלייך ווי די מניעות זיינען באַזייטיקט געוואָרן און דער באָדן איז געוואָרן מער גינסטיק, האָט ער צוריק אַרויסגעשפּראָצט פון זיין באַהאַל־טענעם אָרט און האָט אָנגעפאַנגען צו וואַקסן מיט מער פרישקייט. נייע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אָנגעפאַנגען צו באַווייזן אין פאַרשיי־דענע ערטער און די אַרבעטער־באַוועגונג האָט צוריק אויפגעלעבט. וואָס גרעסער עס איז געוואַקסן די אינדוסטריע, וואָס רייכער עס זיינען געוואָרן די אַרבעטסגעבער, אַלץ קלערער האָבן אַרבעטער געזען די נויטווענדיקייט צו האָבן אייגענע, אומאָפּהענגיקע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

אַלס רעזולטאַט פון דער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג האָט זיך אויך די אַרבעטער־באַוועגונג אַנטוויקלט, געוויינלעך, אין די אינדוסטריעלע סטייטס, דהיינו: אין די ניו־ענגלאַנד סטייטס, ניו יאָרק, פענסילווייניע און מערילאַנד, איבערהויפּט אין באַלטימאָר. אין דער סאַוט האָבן זיך וואו־ניט־וואו באַוויזן טרייד־יוניאָנס, אָבער זיי זיינען געווען שוואַך אין כמות און אין איכות (אין צאָל און אין אינטעליגענטע קרעפטן) און האָבן קיין גרויסע ראָלע ניט געשפילט.

אין די וועסטערן סטייטס האָט זיך די באַפעלקערונג אָפּגעגעבן מיט פאַרמעריי. די אינדוסטריע איז דאָרטן ניט געווען אַנטוויקלט און במילא האָט דאָרטן געפעלט דער באָדן פאַר אַן אַרבעטער־באַוועגונג.

אין די פערציקער יאָרן פון פאָריגאַנגענעם יאָרהונדערט איז געווען אַ באַדייטנדיקע אימיגראַציע פון דייטשלאַנד, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וועלכע דער קעניג פון פרייסן און זיינע קרובים, די פירשטן פון אַנדערע דייטשע מדינות און מדינהלעך, האָבן געוואָלט מיט אַלערליי מיטלען אונטערדריקן.

דורכגענומען מיטן רעוואָלוציאָנערן גייסט זיינען די דייטשע אימי־גראַנטן געווען מער באַוואוסטזיניק און זיי האָבן ניט דורכגעלאָזן קיין שום געלעגנהייט זיך צו אָרגאַניזירן אין יוניאָנס.

אין ניו יאָרק זיינען גאַנצע טריידס געלעגן אין די הענט פון דייטשע בעלי־מלאכות און סתם אַרבעטער. און מיר געפינען אין יענע צייטן אין ניו יאָרק עטלעכע דייטשע אַרבעטער־פאַראיינען, וועלכע האָבן אויסגעאיבט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף די אַמעריקאַנישע אַרבעטער.

א וואַרימען אָפּקלאַנג האָבן די ערשטע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס גע־פונען אין די הערצער פון די פאַרשיידענע אַמעריקאַנישע סאָציאַליסטן, די אַנהענגער פון באַילעסבי און סקאַידמאַר, ווי אויך באַ די רעפאָרמער, ליבע־ראַלן און אין אַלע ריכטונגען אוטאָפּיסטן־סאָציאַליסטן, וועלכע זיינען געווען אַנגעשטעקט מיט די אידייען פון ראָבערט אָוען אין ענגלאַנד, און סען־סימאָן און טשאַרלז פוריע אין פראַנקרייך.

די אָועניסטן און די פוריעריסטן האָבן דאָ געהאַט געגרינדעט פאַר־שיידענע קאָלאָניעס אויף סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע יסודות. זיי האָבן געהאָפט, אַז אָט די קאָמוניסטישע קאָלאָניעס, וואו יעדער האָט גע־דאַרפט אַרבעטן לויט זיינע מעגלעכקייטן און געניסן לויט זיינע באַדער־פענישן, וועלן זיין די זאָמען, פון וועלכע עס וועט שפּעטער אויסוואַקסן די נייערע, די שענערע, די געדעכטיקערע געזעלשאַפט, וואו עס וועט הערשן פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלעכקייט.

פון די קאָלאָניעס האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזט. אַנדערע האָבן עק־זיסטירט אַ קירצערע, אַנדערע אַ לענגערע צייט. סוף־כל־סוף זיינען זיי אַלע בטל געוואָרן.

די אידייען פון די גרינדער פון די קאָלאָניעס זיינען אָבער ניט פאַר־שוואונדן צוזאַמען מיט די קאָלאָניעס. זיי זיינען געבליבן לעבן אין די קעפּ און אין די הערצער פון פאַרשיידענע קעמפער פאַר סאָציאַלער גערעכ־טיקייט, צווישן וועלכע עס זיינען געווען ניט ווייניק געלערנטע, שריפט־שטעלער און אַנדערע וואָרטפירער פון יענער צייט, ווי, למשל, דער קעמפער פאַר דער נעגער־באַפרייאונג, האָראַס גרילי, דער גרינדער פון „ניו יאָרק טריביון", דער דייטשער רעוואָלוציאָנער אימיגראַנט אַלבערט בריסביין, דער פאָטער פון אַרטור בריסביין, רעדאַקטאָר פון הוירסטס צייטונגען, דער באַוואוסטער נאָוועליסט נאַטאַניעל האָטהאָרן און אַ סך אַנדערע.

# ארבעטער אומרועז אין דער סאַוט

אין דער סאַוט זיינען נאָך דאָ געוויסע רעשט־לעך פון די אַלטע גוטע צייטן, ווען עס האָט דאָרטן געהערשט די נעגער שקלאפעריי. די שעריפס האַלטן זיך פאַר גאַנצע שררות. זייער ווילן איז דאָס העכסטע געבאָט און טאָמער אונטערשייט זיך אימיצער און ווידער־שפעניקט זייערע באַפעלן איז רעכט אים צו באַשולדיקן אין הויך־פאַראַט, אַט ווי מיר זען עס איצט אין דעם האָפמאַן־פּראָצעס אין מעריאָן, נאָרד קאראליינע.

אויב די נעגער־שקלאַפעריי איז אָפיציעל אָפּגעשאַפט הערשט דאָרטן אָבער נאָך עד היום די לוין־שקלאַפעריי, וואָס דערנידעריקט און באַליידיקט דעם ווייסן מענטשן ניט ווייניקער ווי די פריערדיקע געזעצלעכע שקלאפעריי, מיר זאָגן „עד היום“, ווייל אין דער אמתן האָט זיך די סאוט אלעמאָל אויס־געצייכנט מיט דער לוין־שקלאפעריי. זי האָט אלעמאָל שלעכט באַהאַנדלט ניט נאָר די שוואַרצע, נאָר אויך די ווייסע ארבעטער. עס זיינען געווען צייטן, ווען די ווייסע האָרעפּאַשניקעס זיינען נאָך מער געוואָרן עקספּלואַטירט ווי די נעגערס.

די ביוראָ אָוו לייבאָר סטאַטיסטיקס פון יונייטעד סטייטס דעפּארטמענט אָוו לייבאָר האָט איצט ארויסגעגעבן זייער אַן אינטערעסאנטן בוך: „די היסטאָריע פון די ווייזשעס אין די פאראייניקטע שטאַטן פון די קאָלאָניאלע צייטן ביז 1928*), וואו מיר געפינען אַן אויסגעצייכענטן מאַטעריאל, דורך וועלכן מען קאָן זיך באַקענען מיט די ארבעטס־באַדינגונגען, וואָס האָבן גע־הערשט אין דער סאַוט, טאַקע אין דער טעקסטיל אינדוסטריע, פאר דעם בירגער־קריג.

קיין גרויסע טעקסטיל מילס זיינען, פארשטייט זיך, דעמאָלט נאָך ניט

---

*) History of Wages in the United States from Colonial Times to 1928.

געווען. קיין גענויע סטאַטיסטיקע איז ניט געפירט געוואָרן, און די אַלע ידיעות זיינען באַגרינדעט אויף צופעליקע צעוואָרפענע פאַקטן, וועלכע די אויטאָרן פון בוך האָבן מיט גרויס מי צוזאַמענגעקליבן און זיי סאָרטירט אזוי, כדי מען זאָל קאָנען האָבן א קלאָר בילד פון די באַציאונג צווישן ארבעט און קאַפּיטאַל אין דער ערשטער העלפט פון פאַריגן יאָרהונדערט.

די ארבעטער אין יענע צייטן זיינען געוואָרן איינגעטיילט ניט לויט זייער סאָרט ארבעט און ניט לויט זייער געשיקטקייט, נאָר לויטן געשלעכט. אַלע מענער, מאַכט ניט אויס וואָס פאַר אַ פעאיקייטן זיי האָבן אַרויסגעוויזן באַ דער ארבעט, האָבן געקראָגן איינע און די זעלביקע שכירות. דאָס גלייכן זיינען אלע פרויען געוואָרן גלייך באַהאַנדלט.

די דורכשניטלעכע וועכנטלעכע וויידזשעס פאר מענער איז אין 1831 געווען דריי דאָלאר מיט זיבן און אַכציק סענט ($3.87); די דורכשניטלעכע וועכנטלעכע וויידזשעס פאר פרויען — איין דאלאר און איין און ניינציק סענט ($1.91). דאָס איז געווען אין מערילענד. אין ווירדזשיניע האָבן די מענער געקראָגן $2.73 און די פרויען — $1.58.

די טעקסטיל ארבעט איז אין יענער צייט אין דער סאָוט כמעט אינ־גאַנצן דורכגעפירט געוואָרן דורך שקלאַפן און דורך קינדער.

אַן ענגלענדער, וואָס האָט שטודירט די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין די סטייטס, וואו עס האָט געוועלטיקט שקלאַפעריי, שרייבט וועגן זיינע באַאָב־אַכטונגען, וועלכע ער האָט געמאכט אין א קאַטן־מיל אין ווירדזשיניע, אין 1839:

„עס איז — אין דער קאַטן־מיל — ניטאָ קיין שום אונטערשייד צווישן שוואַרצע און ווייסע. די ווייסע מיידלעך ארבעטן אין דעם זעלביקן צימער און מיט דעם זעלביקן שפּינדל, וואו די נעגער־מיידלעך. אויך די ווייסע בחורים ארבעטן צוזאַמען מיט די שוואַרצע. די מענער ארבעטן אויך צוזאַמען מיט די פרויען. די נעגערס און נעגערטעס לערנען זיך גיך אויס די מלאכה און שפּינען און וועבן אזוי ווי די ווייסע. אבער זייער (די נעגערשע) ארבעט איז טייערער ווי די ארבעט פון די ווייסע. די פרייע (די ווייסע) און די שוואַרצע מיידלעך און באָיעס קריגן צו זיבן דאָלאר א מאָנאַט וויידזשעס. די מאַנופעקטשורערס אָבער זיינען מער צופרידן, ווען זיי קאָנען דינגען פרייע ארבעטער און ארבעטערקעס. די פרייע ארבעטער דערנערן זיך אליין מיט די וויידזשעס וואָס זיי קריגן. מען דאַרף זיי אחוץ וויידזשעס גאָרנישט געבן. די שוואַרצע ארבעטער אָבער קאָן מען ניט אָפּפטרן מיט וויידזשעס. זיי מוז מען דערצו נאָך אויסהאלטן מיט עסן. די שקלאַפן־הערן נעמען צו די וויידזשעס פון זייערע שקלאַפן פאר זיך, אָבער אויסהאלטן זיי ווילן זיי ניט.

קומט עס במילא אויס, אַז עס לוינט זיך בעסער צו האָבן ווייסע ארבעטער, זיי זיינען פּשוט ביליקער.

„דער אייגנטימער פון מיל האָט אויסגעדריקט זיין האָפנונג, אַז מיט דער צייט וועט זיך פאַרגרעסערן די עמיגראַציע פון די ווייסע אין די סאַוטערן סטייטס און ער וועט דעמאָלט זיין אימשטאַנד זיך צו באַנוצן מיט לויטער ביליקע ווייסע ארבעט".

אָט וועלכע באַדינגונגען עס האָבן דעמאָלט עקזיסטירט אין דער סאַוט! די באַציאונג צו די שקלאַפן ארבעטער און ארבעטערקעס איז, ווי מען קאָן זיך פאָרשטעלן, ניט געווען קיין גאַנץ געהויבענע. די נעגערס זיינען פאר דער באַפרייאונג געווען פויגל פריי. זייער לעבן איז געווען הפקר. זייער געזונט איז ניט געווען ווערט א פּרוטה, מען האָט זיך איבער זיי איזדיעקעוועט מיט דער גרעסטער אכזריות און דאָך האָבן די מיל־אייגנטימער אין דער סאוט געחלומט פון אַ צייט, ווען זיי וועלן קאָנען בעסער אָנשטעלן פרייע, ווייסע ארבעטער. און ניט חס וחלילה צוליב דעם, וואָס די ווייסע ארבעטער זיינען געשיקטער, מער און בעסער צוגעפּאסט, נאָר צוליב דעם, וואָס זיי זיינען ביליקער...

אַז מיר זען איצט די צרהדיקע באַדינגונגען, אונטער וועלכע די ארבעטער אין דער סאַוט געפינען זיך, דאַרפן מיר זיך ניט שטאַרק וואונדערן. די סאַוט האָט אַ טראַדיציע פון די אַלטע צייטן, נאָך פון פאַר דער נעגערבאַפרייאונג, צו קוקן אויף די ארבעטער ניט ווי אויף מענטשן, מיט וועלכע מען דאַרף האָבן איינזעהעניש, נאָר ווי אויף בהמות, ווי אויף פערד, מען קויפט זיי, ווייל זיי זיינען ביליק!

אום ניט צו זיין אינגאַנצן אומגערעכט צו דער סאַוט, וועלן מיר ברייננגען נאָך אַ שטעלע פון בוך, וועלכע ווייזט, אַז אויך אין דער איסט און נאָרט זיינען די ארבעטס־באַדינגונגען ניט געווען פיל בעסער.

„אַ סטרייק פאַר קירצערע שטונדן — דערציילן די אויטאָרן פון בוך — האָט אין 1835 פאַרמאַכט צען טעקסטיל מילס. אפּידייוויטס, וואָס זיינען גענומען געוואָרן אין צייט פון סטרייק, האָבן געוויזן, אַז זעקס הונדערט פון די סטרייקערס זיינען געווען קינדער, איינער פון זעכצן יאָר, בא וועמען די וועכנטלעכע ווידזשעס זיינען געווען צווישן פופציק סענט און $1.75. אין דורכשניט האָבן זיי באַטראָפן א דאָלאַר און צוויי און אַ האַלב סענט די וואָך. דער ארבעטס־טאָג האָט געדויערט פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג (אין דער צייט פון ערשטן מערץ ביזן ערשטן אָקטאָבער) און פון באַגינען ביז אַכט אזייגער אין אוונט (אין דער צייט פון ערשטן אָקטאָבער ביזן ערשטן מערץ). איין האַלבע שעה איז געווען דערלויבט פאר פרישטיק

און דאָס נאָר אויך אין דער צייט צווישן מערץ דעם פופצענטן און אָקטאָבער דעם ערשטן. די איבעריקע צייט פון יאָר האָבן די ארבעטער געמוזט עסן זייער פרישטיק אין דער היים אונטערן שיין פון אַ ליכטל. פאַר מיטאָג איז אין פארלויף פון גאנצן יאָר געווען דערלויבט 45 מינוט".

די סאָוט האָט זיך שטאַרק ניט באַדאַרפט שעמען פאַר די אַנדערע טיילן פון די יונייטעד סטייטס.

די טעקסטיל באַראָנען האָבן אַ חזקה פון אַלטע צייטן צו טרעטן מיט די פיס די רעכטן פון זייערע ארבעטער. און איצט, ווען די ארבעטער פּראָטעסטירן, שרייט מען: קאַראַול! אַ רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן...

# ליבעראַלן און אינטעליגענץ אין דער אַרבעטער באַוועגונג

אין די דרייסיקער, פערציקער און פופציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט איז אַמעריקע, איבערהויפּט די איסטערן און נאָרטערן סטייטס, געווען רייך מיט אינטעליגענטע כחות, וועלכע האָבן זיך געפונען אונטערן איינפלוס פון דער ליבעראַלער אינטע־ליגענץ.

די ליבעראַלע אינטעליגענץ האָט אין אירע רייען געהאַט ניט ווייניק רעוואָלוציאָנערן, באַ וועמען עס זיינען נאָך געווען הייליק די אידייען פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, פון איין זייט, און פון דער באַ־וועגונג וואָס האָט צוגעגרייט דעם באָדן פאַר די רעוואָלוציעס פון יאָר 1848, וועלכע האָבן זיך ווי מעכטיקע כוואַליעס אַ הויב־געטאָן איבער די איבעריקע אייראָפּייאישע לענדער, פון דער צווייטער זייט.

די טויערן פון די פאַראייניקטע שטאַטן זיינען דעמאָלט געווען אָפן פאַר אַלע פרייהייטס־קעמפער, וועלכע זיינען געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן זייערע היימען צוליב זייערע פּאָליטישע איבערציי גונגען. דאָ אין דעם נייעם לאַנד, וואָס איז אַליין אַ קינד פון רעוואָלוציע, האָבן זיי ניט נאָר געקאָנט לעבן און אָטעמען פריי, נאָר זיי האָבן אויך געקאָנט פריי און פראַנק פאַרשפּרייטן זייערע געדאַנקען און אידייען. קיינער האָט זיי ניט געשטערט. פאַרקערט, מען האָט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו זיי. אָט די אימיגראַנטן־רעוואָלוציאָנערן האָבן מיט די היגע געבוירענע, וועלכע האָבן אויף אַ מינוט ניט פאַרגעסן די אידייע פון דער „דעקלעריישאָן אָוו אינדעפּענדענס", אַז יעדער מענטש מוז זיין פריי און האָט אַ רעכט אויף זיינע מיינונגען און איבערצייגונגען, געבילדעט מיט זיך אַ שיינע, אַ גייסט־רייכע, אַ רעוואָלוציע־דענקענדיקן אינטעליגענץ, פון וועלכער עס האָט זיך געקריסטאַליזירט די אַבאָלוציאָניסטישע באַוועגונג.*)

---

*) אַבאָלוציאָניסטן האָבן זיך גערופן די יעניקע, וועלכע האָבן גע־קעמפט קעגן דער נעגער־שקלאַפעריי.

די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס פלעגן וואַרים ווערן באַגריסט פון דער ליבעראַלער אינטעליגענץ. די וואַרעמע, סימפּאַטישע באַציאונג מצד דער אינטעליגענץ איז ניט געקומען פון דעם, וואָס עס האָט צו איר אַפּעלירט דער געדאַנק פון קלאַסן־קאַמף, פון וועלכן מען האָט נאָך דעמאָלט איבער־הויפּט געהאַט אַ גאַנץ קליינעם באַגריף, נאָר — און דאָס איז טאַקע געווען דער עיקר — ווייל, ווי מיר האָבן געזען אויבן, די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן אַרויסגעשטעלט צוזאַמען מיט דער פאָדערונג אָפּצושאַפן לוין־שקלאַ־פעריי, אויך די פאָדערונג אָפּצושאַפן נעגער־שקלאַפעריי. די אָפּשאַפונג פון נעגער־שקלאַפעריי איז געווען דער הויפּט־פּונקט, וואָס איז געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדנונג באַ די ליבעראַלן פון די איסטערן סטייטס, וואו די אינדוסטריע איז געווען שטאַרק אַנטוויקלט.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז אין עצם אַ באַוועגונג פאַר פרייהייט און סאָציאַלער גערעכטיקייט, האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט דעם פאָדערשטן חייל פון די פּראָגרעסיווע עלעמענטן, וועלכע האָבן געזוכט אַלערליי מיטלען ווי אַזוי אַראָפּצוואַשן פון דעם אַמעריקאַנישן פאָלק דעם שוואַרצן פלעק — די נעגער־שקלאַפעריי.

דער באַוואוסטער אַבאַלוציאָניסט טאָמאַס ווענטוואָירט הייגסאָן, אַליין אַ גרויסער מיוחס פון אַ ניו־ענגלענדער אַריסטאָקראַטישער משפחה, שרייבט:

„די אַנטי־שקלאַפעריי באַוועגונג איז ניט געווען אַזוי שטאַרק באַ די געבילדעטע קלאַסן. זי איז געווען אַ פאָלקס־באַוועגונג און איז געווען אַ סך שטאַרקער אין די פעקטאָריס און אין די שעפּער, ווי אין די קאַלעדזשעס צווישן די סטודענטן*)".

וועגן אייבערהעם לינקאָלנס שטעלונג צו דער אַרבעטער־באַוועגונג אין אַמעריקע זיינען דאָ פאַרשיידענע מיינונגען.

מאַנכע היסטאָריקער האַלטן אים פאַר אַן עכטן סאָציאַליסט־אינטער־נאַציאָנאַליסט. אַנדערע, ווידער, דענקען, אַז לינקאָלן וואָלט לויט זיינע איבערצייגונגען און אידעאַלן געוויס געווען אַ קעגנער פון סאָציאַליזם.ביידע צדדים האָבן געפונען פּסוקים אין לינקאָלנס רעדעס, וואָס באַווייזן, אַז זיי זיינען גערעכט.

אין 1863 האָט אַ ניו יאָרקער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָ־מען: „די רעפּאַבליקען וואָירקינגמענס אַסאָסיאיישאָן" געמאַכט אייבערהעם לינקאָלן פאַר אַן ערן־מיטגליד. די אָרגאַניזאַציע האָט געשיקט אַ קאָמיטע

---

*) ציטירט פון הערמאַן שליטערס „לינקאָלן" לייבאָר ענד סליוועריי" (ענגליש), ז. 38.

קיין וואַשינגטאָן אַנצוזאָגן פּרעזידענט לינקאָלן פון איר באַשלוס. לינקאָלן האָט אויפגענומען די קאָמיטע דעם 21טן מערץ, 1864, און ער האָט זיך צו איר געווענדט מיט אַ רעדע, וואו ער זאָגט זיך אַרויס וועגן דער שייכות צווישן אַרבעט און קאַפּיטאַל.

באַדאַנקענדיק פאַר דעם כבוד, וואָס די אַרבעטער האָבן אים געמאַכט פאַר אַן ערן־מיטגליד, האָט ער געזאָגט צווישן אַנדערעס:

„אַרבעט איז געווען איין אָנהויב בעפאַר קאַפּיטאַל. קאַפּיטאַל איז נאָר די פּרוכט פון אַרבעט און ער וואָלט קיינמאָל ניט געקאָנט עקזיסטירן, אויב עס וואָלט פריער ניט געווען די אַרבעט. אַרבעט איז העכער פון קאַפּיטאַל און פאַרדינט, מען זאָל איר שענקען מער אויפמערקזאַמקייט".

און ווייטער:

„דער שטאַרקסטער בונד פון מענטשלעכער סימפּאַטיע, אַחוץ דער פאַמיליע־קרובהשאַפט, דאַרף זיין יענער, וואָס פאַראייניקט אַלע אַרבעטער פון אַלע נאַציעס און שפּראַכן אין פריינטשאַפט".

פון דער ציטאַטע איז צו זען, אַז לינקאָלן האָט שטאַרק געהאַלטן פון אַן אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־פאַראייניקונג. ער האָט באמת גע־האָט געענוג פּ אָ ל י ט י ש ע אורזאַכן צו זיין פריינטלעך צו אַזאַ אינ־טערנאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע פון אַרבעטער אַחוץ זיין נאַטירלעכער סימ־פּאַטיע צו דעם „קליינעם מאַן", וואָס איז געלעגן אין לינקאָלנס כאַראַקטער. די אַרבעטער פון אַלע לענדער האָבן געשטיצט זיין פּאָליטיק פון נעגער־באַפרייאונג. וואו נאָר זיי האָבן געקאָנט, האָבן זיי געמאַכט גרויסע מאַסן־מיטינגען, אום צו מאַכן פּאָפּולער לינקאָלנס פּאָליטיק און זיינע אידייען. זיי האָבן אים געשיקט באַגריסונגס־טעלעגראַמעס איינע נאָך די אַנדערע און האָבן אַריינגעבראַכט מוט און האָפענונג אין זיין הויכער, גרויסער באַפרייאונגס־פּאָליטיק.

די ענגלישע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן דורך אַ שטאַרקער באַוועגונג, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן, אָפּגעהאַלטן די ענגלישע רעגירונג ניט צו אונטערשטיצן די סאָוט אין דער צייט פון בירגער־קריג. די ענגלישע רעגירונג האָט געהאַט גרויס חשק דערצו, אָבער די אַרבעטער האָבן דאָס ניט דערלאָזן.

קאַרל מאַרקס האָט דורך וואָרט און שריפט אויסגעאיבט זיין גאַנצן איינפלוס אויף די ענגלישע אַרבעטער, זיי זאָלן מיט גוטן אָדער מיט בייזן אָפּהאַלטן דעם דעמאָלטדיקן ענגלישן פּרעמיער פּאַלמערסטאָן ניט צו דער־קלערן קריג די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס אים האָט זיך שטאַרק געוואָלט.

אים האָט זיך געוואָלט אויסנוצן דעם בירגער־קריג פאַר זיינע פּאָליטישע חשבונות, וואָס ער האָט געהאַט מיט אָנקל סעם.

אין נאָוועמבער, 1864, ווען איבערעהעם לינקאָלן איז צום צווייטן מאָל דערוויילט געוואָרן פּרעזידענט, האָט דער גענעראַל־ראַט פון ערשטן אינטערנאַציאָנאַל באַשטימט אַ קאָמיטע אויסצואַרבעטן אַן אַדרעס צו דעם אַמעריקאַנישן פאָלק, אים צו באַגריסן מיט זיין זיג איבער די שקלאַפן־האַלטער און אים באַדאַנקען פאַר די גרויסע קרבנות, וואָס עס האָט גע־בראַכט אויפן מזבח פון פרייהייט און אויסדריקן זיין גרויסע צופרידנקייט, וואָס לינקאָלן איז נאָכאַמאָל דערוויילט געוואָרן דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער אַדרעס איז, אגב אורחא, געוועזן צונויפגעשטעלט פון קאַרל מאַרקס.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס לינקאָלן איז געוועזן אַזוי סימפּאַטיש צו די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס. קיין סאָציאַליסט איז אָבער לינקאָלן ניט געוועזן און האָט ניט געקאָנט זיין. ער איז ניט געוועזן באַקאַנט מיט דער סאָציאַליסטישער טעאָריע און זיין צייט איז נאָך ניט געוועזן רייף פאַר אַ סאָציאַליסטישער פּראַקטיקע.

לינקאָלן איז געוועזן אַ גרויסער חסיד פון פּריוואַט־אייגנטום און האָט געהאַלטן, אַז דאָס רעכט אויף אייגנטום איז דאָס הייליקסטע רעכט, וואָס קיינער קאָן ניט אַוועקנעמען.

אין דער זעלביקער רעדע, וואָס מיר האָבן דאָ אויבן ציטירט, וואו ער האָט געשטעלט אַרבעט העכער פון קאַפּיטאַל, האָט ער גלייך אויפן אָרט, תוך כדי דבור, געגעבן אָנצוהערן, אַז ער איז פאַר פּריוואַט־אייגנטום:

„מען טאָר ניט דערקלערן מלחמה פּריוואַט־אייגנטום און די אייגנטי־מער גופא. אייגנטום איז די פּרוכט פון אַרבעט. אייגנטום איז ווינטשנס־ווערט. אייגנטום איז אומבאַדינגט ניצלעך און גוט. דאָס, וואָס אייניקע זיינען רייך, ווייזט, אַז אַנדערע קאָנען אויך ווערן רייך. און די מעגלעכ־קייט צו ווערן רייך מונטערט אויף צו ווערן טעטיק אין דער אינדוסטריע און אַנדערע אונטערנעמונגען. יענער, וואָס האָט ניט קיין הויז, זאָל ניט צונעמען דאָס הויז פון זיין חבר, נאָר זאָל בעסער אַרבעטן אַזוי לאַנג, ביז וואַנען ער וועט אַליין קאָנען בויען אַ הויז. דאָס וועט דינען אַלס מוסטער פאַר אַנדערע, ניט חרוב צו מאַכן דאָס, וואָס ער האָט געבויט“.

אין אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין ניו־הייווען, דעם 6טן מערץ, 1860, האָט לינקאָלן בפירוש געזאָגט:

„איך גלויב, אַז די בעסטע זאַך איז, דאָס אַלע זאָלן לעבן פריי און אַז יעדער איינער זאָל דערווערבן אייגנטום אַזוי שנעל ווי ער קאָן.

„איך גלויב ניט אין אַ געזעץ, וואָס זאָל ניט דערלאָזן אימיצן רייך צו ווערן״.

אין יענער צייט זיינען פאָרגעקומען סטרייקס אין די ניו־ענגלאַנד סטייטס און לינקאָלן האָט, הפנים, געוואָלט קלאָר מאַכן זיין שטאַנדפונקט.

מען זעט דאָ באַשיינפערלעך, אַז לינקאָלן האָט ניט געגלויבט, דאָס עס איז פאַראַן אַ קלאַס פּראָלעטאַריאַט מיט אַ פּראָלעטאַרישער קלאַסן־פּסיכאָלאָגיע, און וואָס די היינטיקע סאָציאַליסטן זיינען איבערצייגט. לינ־קאָלן האָט געגלויבט, אַז יעדער איינער קאָן זיך אַרויפאַרבעטן און איז ניט מחויב צו בלייבן זיין גאַנצן לעבן אַליין אַ שקלאַף, אָדער ווי ער אַליין דריקט זיך אויס אין דעם דערמאָנטן אַדרעס צו די ניו יאָרקער אַרבע־טער: אַן אַרבעטער איז ניט צוגעשמידט צו זיינע באַדינגונגען אַ גאַנצן לעבן*).

אַ קינד פון אַן אָרימען פאַרמער, פון דעם אָרימען מיטל־קלאַס, איז לינקאָלן אין זיין פּסיכאָלאָגיע געבליבן אַ מיטגליד פון זיין קלאַס זיין גאַנצן לעבן. ער האָט שטאַרק מיטגעפילט דעם אַרבעטער און האָט זיך פאַר־האַלטן מיט גרויס סימפּאַטיע צו דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט אָבער אין דער אייגענער צייט שטאַרק געהאַלטן פון פּריוואַט־אייגנטום און פון דער מעגלעכקייט צו ווערן רייך.

---

*) זע דאָס דערמאָנטע בוך פון הערמאַן שליטער, ז. 179.

# די גרינדונג פון דער צענטראַלער נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן

ווען דער בירגער־קריג צווישן נאָרט און דער סאַוט האָט אויסגעבראָכן, איז דאָס נאָרמאַלע לעבן געוואָרן איבערגעריסן און דאָס האָט זיך, ווי מען האָט געקאָנט דערוואַרטן, אָפּגערופן אויף דער אַרבעטער־באַוועגונג.

דאָס אינדוסטריעלע לעבן שטעלט מיט זיך פאָר אַ גרויסן מעכאַניזם, אין וועלכן די פאַרשיידענע טריידס זיינען געגליכן צו די רעדער און שרויפן, וועלכע זיינען צווישן זיך ענג פאַרקניפּט און פאַרבונדן. אַזוי ווי אין יעדן מעכאַניזם קאָן איין ראָד, וואָס ווערט מחולה און שטעלט זיך אָפּ, אָדער פאַרקערט, פאַנגט אָן לויפן מיט מער אימפּעט, מיט אַ גרעסערער קראַפט ווי געוויינלעך, פירן דערצו אַז די גאַנצע מאַשין זאָל קאַליע ווערן און אויפהערן צו טויגן, אַזוי קאָן איין טרייד, איין אינדוסטריע־צווייג, וואָס וואַקסט און אַנטוויקלט זיך ניט נאָרמאַל, אַרויסרופן אַ שטילשטאַנד אין דעם גאַנצן עקאָנאָמישן לעבן. די פאַרשיידענע רעדער פון דער אינדוסט־ריע פאַנגען־אָן צו סקריפּען, איר באַוועגונג גייט ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין. אַנדערע טריידס פאַנגען־אָן צו לויפן צו־שנעל און אַנדערע, פאַרקערט, פאַנגען־אָן צו גיין פאַמעלעך, לאַנגזאַם, צו־לאַנגזאַם, און דער רעזולטאַט איז — אַרבעטסלאָזיקייט אין מאַנכע טריידס, און אין אַנדערס מאָל אַ גאַנצער שטילשטאַנד — אַ קריזיס. און אין אַ קריזיס זיינען, ווי באַוואוסט, די ערשטע כפּרה די אַרבעטער.

די ערשטע ווירקונג פון דער מלחמה אויף דער אינדוסטריע פון לאַנד איז געווען אַרבעטסלאָזיקייט. די יוניאָנס זיינען געוואָרן אָפּגעשוואַכט. מאַנכע האָבן אינגאַנצן אויפגעהערט אַרויסצואווייזן סימנים פון לעבן. די מיטגלידערשאַפט פון די יוניאָנס איז, אגב אורחא, געוואָרן מאָגערער אויך צוליב דעם, וואָס אַ סך יוניאָן־לייט האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער

אַרמיי. איין טרייד־יוניאָן אין פילאַדעלפיע איז געגאַנגען דינען אין אַ „באַדי". אַלע מעמבערס, אָן אויסנאַם, האָבן באַשלאָסן „זיך צו ענליסטן" פאַר דער מלחמה. די רעזאָלוציע איז געווען — צו גיין אין קריג ביז די נאַרטערן אַרמיי וועט זיגן, אָדער ביז אַלע וועלן אויסגעהרגעט ווערן אין שלאַכט.

ווען די מלחמה איז אַריין אין רעכטן ברען האָבן זיך צוריק אָנגעפאַנגען די פעטע „פּראָספּעריטי"־יאָרן.

עס איז געוואָרן אַ גרויסע נאָכפראַגע אויף אַלע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות מיט מלחמה־אַרטיקלען, דהיינו: שטאָל, אייזן, בליי און אַנדערע מעטאַלן. מען האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען שטאַרק נויטיקן אין אַלערליי אַרבעטער, בפרט נאָך ווען אַ סך זיינען געווען פאַרנומען אויף די שלאַכטפעלדער.

אין די פעטע מלחמה־יאָרן זיינען די שכירות שטאַרק געשטיגן און עס איז ניט געווען קיין זאָרג מיט אַרבעט. די גוטע צייטן האָבן די אַרבעטער געמאַכט קרעפטיקער און קאַמפּס־לוסטיקער. די אַלטע צעפאַלענע טרייד־יוניאָנס זיינען צוריק אויפגעשטאַנען תחית־המתים. אַ סך זיינען פון דאָס ניי געבוירן געוואָרן, און אין דער גאַנצער אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז באַם אויסברוך פון דער מלחמה אַזוי ווי פאַרגליווערט געוואָרן, האָט זיך באַוויזן אַ נייע נשמה...

אַחוץ דעם האָבן די אַרבעטער געפילט, אַז זיי מוזן זיך אָרגאַניזירן, ווייל דער יקרות, ווי געוויינלעך אין מלחמה־צייט, איז אַלץ מער און מער געשטיגן, און ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די שכירות זיינען געווען פאַרהעלטניסמעסיק גרויס, האָבן זיי קוים געקאָנט נאָכיאָגן דעם שטייגן פון די לעבנסמיטלען. די חלה האָט ניט געקלעקט אויף המוציא.

עס זיינען געווען אויך אַנדערע אורזאַכן:

די מלחמה האָט אַרויסגערופן אויף מאַנכע אַרטיקלען אַ געוואַלדיק גרויסן מאַרק. די גרויסע נאָכפראַגע האָט אַרויסגערופן אַ מאַסן־פּראָדוקציע. דער פריערדיקער פּראָדוצירער, דער בעל־מלאכה און זיין קליינער וואַרשטאַט, האָבן ניט געקאָנט נאָכקומען די פאָדערונגען פון מאַרק. אויפן פּלאַץ פון די וואַרשטאַטן זיינען געקומען פעקטאָריס. דער פריערדיקער האַמער און אייזן זיינען פאַרביטן געוואָרן אויף מאַשינען. הונדערטער טויזנטער פּראָלעטאַריער האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן און צו שאַפן צוזאַמען אונטער איין דאַך. די אַרבעטסגעבער, ווידער, זיינען געוואָרן וואָס אַ טאָג אַלץ רייכער און רייכער. פון איין זייט האָט זיך צענטראַליזירט און קאָנ־

צענטרירט דער קאַפּיטאַל, און פון דער צווייטער זייט זיינען געוואָרן גרעסער די מחנות אַרבעטער.

אָט די נייע באַדינגונגען האָבן געשאַפן אַ נייעם באָדן פאַר אַ שטאַרקער אַרבעטער־באַוועגונג.

די אַרבעטער־באַוועגונג ווערט צוריק אַ פאַקטאָר — און אַ סך אַ גרעסערער ווי פאַר דער מלחמה — אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד.

נאָכדעם ווי דער בירגער־קריג האָט זיך געענדיקט, האָט זיך אין די פאַראייניקטע שטאַטן אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען אַ שטאַרקע טרייד־יוניאָן באַוועגונג. אין כמעט יעדן סטייט זיינען אויסגעוואַקסן לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס, מיט דעם צוועק צו פאַרטיידיקן די אַרבעט קעגן קאַפּיטאַל, וואָס איז געוואָרן אַלץ גרעסער, שטאַרקער און איינפלוסרייכער.

די איינציקע טריידס זיינען געווען אָרגאַניזירט. עס האָט אָבער גע־פעלט אַ צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל פאַראייניקן אָט די אַלע טרייד־יוניאָנס אין איין פאַרבאַנד. יעדע יוניאָן האָט געמאַכט שבת פאַר זיך. עס איז ניט געווען קיין צוזאַמענהאַנג צווישן די פאַרשיידענע אַרמייען פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

עס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט און אַזאַ צענטער איז געשאַפן געוואָרן.

שוין אין 1863, אויף דער יערלעכער קאָנווענשאָן פון די מאַשיניסטן און בלעקסמיטס יוניאָן, איז שטאַרק דיסקוטירט געוואָרן די פראַגע פון אַ פאַרבאַנד צווישן אַלע יוניאָנס. עס איז דאָרטן באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיטע, וואָס האָט באַדאַרפט זיך צוזאַמענרעדן מיט קאָמיטעס פון אַנ־דערע יוניאָנס — נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע — צו שאַפן אַ „נע־שאָנאַל טריידס אַסעמבלי״.

אין די מלחמה־יאָרן איז דער פּלאַן געבליבן ניט מער ווי אַ פרומער וואונטש.

ערשט אין מערץ, 1866, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ אין ניו יאָרק פון פּראָמינענטע אַרבעטער־פירער, וואו מען האָט באַשלאָסן איינצורופן אין אויגוסט פון דעם זעלביקן יאָר אַ קאָנווענשאָן אין באַלטי־מאָר, כדי צו גרינדן די נויטיקע צענטראַלע קערפּערשאַפט, וואָס זאָל קאָנסאָלידירן, צוזאַמענהעפטן אַלע יוניאָנס אינאיינעם.

די קאָנווענשאָן איז אין דער באַשטימטער צייט פאָרגעקומען. איבער 69 אָרגאַניזאַציעס זיינען אויף איר געווען פאָרטראָטן. אין די רעדעס און דיסקוסיעס האָט זיך געפילט אַ טיפע באַגייסטערונג פאַר אַ פאַראייניקטער אַרבעטער־מאַכט, פאַר אַן אַלגעמיינער אַרבעטער־„אַסעמבלי״, וואו עס זאָלן

אַרומגערעדט און געלייזט ווערן אַט די אַלע פראַגן און פּראָבלעמען, וואָס זיינען נוגע אַלע טריידס, דער ג אַ נ צ ע ר אַרבעט. עס איז דאָרטן געגרינדעט געוואָרן די צענטראַלע קערפּערשאַפט: „נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן".

אויף דער אייגענער קאָנווענשאָן איז דערשינען אַ דייטשער סאָציאַליסט, עדוואַרד שלעגער, אַ לאַסאַליאַנער, אַלס דעלעגאַט פון דער דייטשער אַרבעטער אַסאָסיאַציע אין שיקאַגאָ. שלעגעל האָט אַרויפגעבראַכט די פראַגע פון גרינדן אַן אומאָפּהענגיקע פּאָליטישע לייבאָר פּאַרטיי צו באַקעמפן די אַלטע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען.

קיין לייבאָר פּאַרטיי איז ניט געגרינדעט געוואָרן, אָבער שלעגעלס מאָטיוון און אַרגומענטן, פאַרוואָס די אַרבעטער דאַרפן האָבן אַן אייגענע, זעלבסטשטענדיקע פּאַרטיי, האָבן איבערגעלאָזן אַ טיפן איינדרוק אויף די דעלעגאַטן, וועלכע האָבן אים, אגב אורחא, אויסגעקליבן וויס-פּרעזידענט, אַלס „אָנערקענונג פון זיינע אָנשויאונגען און פייאיקייטן".

---

דער ערשטער קאָנגרעס פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל איז פאָרגעקומען אין גענף (שווייץ) מיט ווייניקער ווי צוויי וואָכן נאָך דער באַלטימאָרער קאָנווענשאָן, וואו עס איז געגרינדעט געוואָרן די „נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן".

די דיסקוסיע און רעזאָלוציעס, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרן אויף דיביידע גרויסע היסטאָרישע צוזאַמענפאָרן — אין אייראָפּע און אין אַמעריקע — זיינען זייער ענלעך צווישן זיך.

אויף ביידע קאָנגרעסן זיינען דיסקוטירט געוואָרן פראַגן איבער טריידיוניאָנס, סטרייקס, פרויען- און קינדער-אַרבעט, קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען א. אַז. וו.

די שטעלונג פון די דעלעגאַטן אין באַלטימאָר צו אַט די אַלע פּראָבלעמען איז געווען כמעט די זעלביקע, וואָס די דעלעגאַטן אין גענף האָבן אָנגענומען. אין גענף זיינען די דיסקוסיעס געווען טיפער, אַנאַליטישער, וויסנשאַפטלעכער ווי אין באַלטימאָר, אָבער אין אַלגעמיין זיינען די ביידע צוזאַמענפאָרן — אין דער „אַלטער וועלט" און אין דער „נייער וועלט — געווען דורכגעדרונגען מיט איינע און די זעלביקע אידייען. איבער זיי ביידע האָט געשוועבט איין און דער זעלבער גייסט, האָבן געוועלטיקט איינע און די זעלבע געדאַנקען.

אויף די ביידע אַרבעטער-קאָנגרעסן איז אַרויסגעשטעלט געוואָרן די פאָדערונג פון אַן אַכט-שעהדיקן אַרבעטס-טאָג.

עס איז מערקווירדיק די גרויסע ענלעכקייט פון די רעזאָלוציעס בנוגע דעם ענין.

אין באַלטימאָר לעזט זיך די רעזאָלוציע, וואו עס ווערט געפאָדערט אַ געזעץ וואָס זאָל באַשטימען אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג אַזוי:

„די ערשטע און גרויסע אויפגאַבע פון דער קעגנוואַרט, אום צו באַפרייען די אַרבעטער אין דעם לאַנד פון דער קאַפּיטאַליס־טישער שקלאַפעריי, איז דאָס דורכפירן פון אַ געזעץ, וואָס זאָל באַשטימען, אַז אַכט שעה אַרבעט איז דער נאָרמאַלער אַרבעטס־טאָג אין אַלע סטייטס פון דער אַמעריקאַנער יוניאָן. מיר זיינען אַנטשלאָסן אָנצוואווענדן אונדזער מאַכט, ביז מיר וועלן דערגרייכן אַ זיגרייכן רעזולטאַט“ (אויגוסט 16, 1866).

די רעזאָלוציע אין גענף, אויסגעאַרבעט פון קאַרל מאַרקס, לעזט זיך:

„מיר באַטראַכטן די באַשרענקונג פון דער אַרבעטס־צייט אַלס אַ פאָרבאַדינג, אָן וועלכן עס וועלן זיין פּרוכטלאָז אַלע וייטערדיקע פּראָבעס צו פאַרבעסערן די לאַגע און צו באַפרייען דעם אַרבעטער־קלאַס. זי איז נויטיק, אום אויפצוהאַלטן די קער־פּערלעכע ענערגיע פון דעם אַרבעטער־קלאַס — די גרויסע מאַיאָ־ריטעט פון יעדער נאַציע. זי איז נויטיק, אום צוריקצוגעבן די אַרבעטער די מעגלעכקייט פון אַ גייסטיקער אַנטוויקלונג און סאָציאַלער און פּאָליטישער טעטיקייט.

„מיר לייגן פאָר, אַז אַכט שטונדן זאָלן זיין די געזעצלעכע גרעניץ פון אַרבעטס־טאָג. אָט די באַשרענקונג ווערט שוין פאַר־לאַנגט פון די אַרבעטער אין די פאַראייניקטע שטאַטן, און די שטים פון קאָנגרעס וועט איר דערהויבן צו דער אַלגעמיינער פאָן פון אַרבעטער־קלאַס אין דער וועלט“ (גענף, ענדע אויגוסט, 1866).

„די ענלעכקייט פון די פאַרהאַנדלונגען אויף ביידע קאָנגרעסן“ — זאָגט מאָריס הילקוויט — „קאָן נאָר ווערן דערקלערט דורכדעם, וואָס די לאַגע פון די אַרבעטער אויף ביידע זייטן פון אָקעאַן איז געווען ענלעך“.

נ. ריאַזאַנאָוו, דער סאָציאַליסטישער געשיכטס־פאָרשער, איז ניט שטאַרק איינגעגאַנגען פאַר הילקוויטס השערה מכח דער ענלעכקייט פון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען אין יענער צייט אין אייראָפּע און אין אַמעריקע.

ריאַזאַנאָוו באַווייזט, אַז שוין אין יענער צייט איז אין אַמעריקע געווען אַ באַפולמעכטיקטער פון אינטערנאַציאָנאַלן גענעראַל־ראַט, פּעטער פאָקס, איינער פון די טעטיקסטע מיטגלידער אין גענעראַל ראַט אין די יאָרן 1864־66. מאַרקס גופא, ווי אויך איקאַריוס, זיינען דעמאָלט געשטאַנען אין אַ שטענדיקער קאָרעספּאָנדענץ מיט די פירער פון דער אַמעריקאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג. ריאַזאַנאָוו צווייפלט ניט, אַז די פאַרהאַנדלונגען אויף דער לאָנדאָנער קאָנפערענץ, 1865, וואָס האָט צוגעגרייט דעם פּראָגראַם צו דעם ערשטן קאָנגרעס פון דעם „אינטערנאַציאָנאַל" אין גענף, זיינען גוט געווען באַקאַנט די איינפלוסרייכע אַמעריקאַנער אַרבעטער־פירער.

ווער עס זאָל דאָ ניט זיין גערעכט, צי הילקוויט צי ריאַזאַנאָוו, איז זייער כאַראַקטעריסטיש, אַז אין איין חודש (אויגוסט 1866) האָבן די אַרבע־טער־פאַרטרעטער אין אייראָפּע און אין אַמעריקע פּראָקלאַמירט דעם גע־זעצלעכן אַכט־שטונדיקן אַרבעטס־טאָג אַלס אַ זייער וויכטיקע פאָדערונג פאַרן אַרבעטערקלאַס אין אַלע לענדער.

# די נייטס אָוו לייבאָר

**אין** די זעכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט האָבן קאַטערס (צושניידער) פון די גאַרמענט וואָרקערס אין פילאַדעלפיע זיך אָרגאַניזירט אין אַ יוניאָן. די באָסעס האָבן פון דער יוניאָן ניט געוואָלט הערן און זען. זיי האָבן פאַר קיין פאַל ניט געוואָלט צולאָזן צו דער אַרבעט יוניאָן־לייט. די צושניידער האָבן געהאַט איין ברירה: ענט־וועדער אַ „דזשאַב" אָדער אַ יוניאָן. אונטער אַזעלכע אומשטענדן זיינען די אַרבעטער געווען געצוואונגען אויפצוהאַלטן זייער אָרגאַניזאַציע אין געהיים.

אין דעצעמבער, 1869, האָבן זיבן מיטגלידער פון דער יוניאָן, אונטער דער פירערשאַפט פון אוריאַ ס. סטעפענס און דזשיימס ל. האַרדט, געגרינ־דעט אַ געהיימע געזעלשאַפט מיטן נאָמען „דהי נאָבעל אָרדער אָוו דהי נאַיטס אָוו לייבאָר" (דער נאָבעלער אָרדן פון די ריטער פון אַרבעט).

פאַרשיידענע געהיימע אָרדנס, ווי די פריימוירער און אַנדערע, זיינען געווען שטאַרק פאַרשפּרייט איבער אַמעריקע. זיי האָבן אָבער ניט געטראָגן קיין קלאַסן־כאַראַקטער. די אָרדנס זיינען באַשטאַנען פון אַן ערב־רב, אַ מיש־מאַש פון פאַרשיידענע עלעמענטן, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין געמיינשאַפטלעכע עקאָנאָמישע אינטערעסן.

דער אָרדן „נאַיטס אָוו לייבאָר" איז געווען אַ ריינע אַרבעטער־אָרגאַ־ניזאַציע. אַ געהיימע יוניאָן, וואָס האָט געהאַט דעם צוועק צו קעמפן מיט די אַרבעטגעבער פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען.

אין יאַנואַר, 1870, איז דערווייילט געוואָרן אַן עקזעקוטיוו קאָמיטע. אוריאַ ס. סטעפענס איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער הויפּט פון דער קאָמיטע — זיין אָפיציעלער נאָמען אויפן געהיימען לשון איז געווען „גרענד מאַסטער וואָרקמען". צום סוף פון ערשטן יאָר האָט דער אָרדן געציילט ניין־און־זעכציק מיטגלידער, דורכאויס קאַטערס.

אין 1871 איז באַשלאָסן געוואָרן צוצוציען צום אָרדן אויך אַרבעטער פון אַנדערע טריידס.

די „נאַיטס אָוו לייבאָר" האָט דעמאָלט אָנגעהויבן שטאַרק צו וואַקסן. דעם נעקסטן יאָר האָבן זיך אָן דעם אָרדן אָנגעשלאָסן נײַנציק נײַע יוניאָנס אין פילאַדעלפיע. דער אָרדן האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרצווייגן זייער שטאַרק אויך אין אַנדערע שטעט.

דער אָרגאַניזאַציאָנס־פּרינציפּ פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" איז געווען אַ טעריטאָריעלער. מיט דעם האָבן זיי זיך אונטערשיידט פון אַנדערע יוניאָנס, וועלכע זיינען געווען אָרגאַניזירט לויט דעם פאַך, לויט דעם טרייד. די אַרבעטער פון איין טרייד אין אַ שטאָט האָבן געבילדעט אַ לאָקאַלע אָרגאַניזאַציע, אָדער, ווי זיי האָבן עס גערופן, אַ „לאָקאַל אַסעמבלי". די פאַרשיידענע לאָקאַלן פון שטאָט האָבן צוזאַמענגעשטעלט דעם „דיסטריקט אַסעמבלי". די „דיסטריקט אַסעמבליס" זיינען שטרענג קאָנטראָלירט גע־וואָרן פון דער „דזשענעראַל אַסעמבלי" (צענטראַל קאָמיטעט). די אַרבע־טער פון איין טרייד, וועלכע זיינען געווען אין פ אַ ר ש י י ד ע נ ע שטעט, האָבן צווישן זיך קיין שייכות ניט געהאַט. דאָס איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ גרויסער חסרון. דערפאַר אָבער זיינען געווען זייער נאָענטע באַציאונגען צווישן די פאַרשיידענע אַרבעטער פון פאַרשיידענע טריידס אין שטאָט. דאָס האָט איינגעפלאַנצט מער ברייטהאַרציקייט, אַ ווייטערן בליק וועגן אַרבעטער־סאָלידאַריטעט באַ די „ריטער פון אַרבעט". די שמאָלע טרייד־אינטערעסן זיינען געווען אונטערגעוואָרפן אַלגעמיינע אַרבעטער־פּראָ־בלעמען, פּראָבלעמען וואָס זיינען נוגע געווען ניט נאָר איין פאַך, ניט איין טייל, נאָר אַ ל ע אַרבעטער צוזאַמענגענומען.

אין 1877 האָבן צום אָרדן באַלאַנגט איבער 15 דיסטריקט אַסעמבליס אין פּענסילווייניע, ניו דזשורזי, סאַוט קאַראָליינע, קאָנעטיקוט, אָהייאָ און אַנדערע סטייטס. דער דיסטריקט אַסעמבלי פון פילאַדעלפיע האָט זיך גערעכנט פאַר דעם אָנפירער, פאַר דעם קאָפּ פון אָרדן.

וועגן די „נאַיטס אָוו לייבאָר" האָבן זיך אין די בורזשואַזע קרייזן אַרומגעטראָגן משונהדיקע קלאַנגען. מאָדנע באָבע־מעשׂות פלעגט מען וועגן זיי דערציילן. מען האָט זיי געהאַלטן פאַר אַ מין פּיפּערנאָטערס, מיט וועמען עס איז אַ שרעק צו האָבן צו טאָן.

די קאַפּיטאַליסטישע פּרעסע פלעגט דרוקן ניט־געשטויגענע און ניט־געפלויגענע ידיעות וועגן דעם „געהיימען אָרדן", וואָס וויל מיט זיין סאָ־ציאַליסטישער, קאָמוניסטישער, געהיימניספולער פּלאַטפאָרם איבערקערן די וועלט קאַפּויר. אפילו די גלחים פלעגן אין זייערע דרשות וואָרפן אַן אימה אויף זייערע צוהערער, בשעת זיי פלעגן רעדן איבער דער „געהיימער", געפערלעכער, פאַרברעכערישער אָרגאַניזאַציע, וואָס באַהאַלט זיך ערגעץ־

וואו אונטער דער ערד און וואַרט אויף דעם מאָמענט, ווען זי וועט קאָנען מאַכן אַ תל פון גאָט, פון רעליגיע, פון מאָראַל און פון אַלע אַנדערע הייליקע זאַכן.

כדי צו מאַכן א סוף צו אָט די פאַרשיידענע קלאַנגען און שוואַרץ־טייוולשע פאַרשטעלונגען וועגן די „נאַיטס אָוו לייבאָר", האָבן די פירער באַשלאָסן אויפצודעקן דעם שלייער פון אָרדן און אַרויסגיין מיט אים אין דער עפנטלעכקייט.

אין יוני, 1878, איז אין פילאַדעלפיע אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ גענעראַל־מיטינג פון די פאַרשיידענע דיסטריקט אַסעמבליס, און דאָ איז געמאַכט געוואָרן אַ סוף פון די „געהיימנישן", אין וועלכע די „נאַיטס" זיינען געווען איינגעהילט. עס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן די פּרינציפּן־דערקלערונג, כדי יעדער איינער זאָל זיך קאָנען מיט איר געגוי באַקענען.

אָט זיינען אייניקע פאַראַגראַפן פון דעם פּראָגראַם פון דער „נאַיטס אָוו לייבנר":

„די אַנטוויקלונג פון גרויסע קאַפּיטאַלן און קאָרפּאָריישאָנס, אויב מען וועט זיי ניט איינצוימען, וועלן אומפאַרמיידלעך פירן דערצו, אַז די אַרבעטער־מאַסן וועלן ווערן פאַראָרימט און דערנידעריקט".

„אויב מיר ווילן געניסן און הנאה האָבן פון אַלע פאַרגעניגנס, וואָס דאָס לעבן ברייגנט, מוזן מיר אומבאַדינגט אָפּהאַלטן די אומגערעכטע אָנזאַמלונג פון פאַרמעגנס און מאַכט".

„דער אָרדן דערקלערט ווייטער, אַז איינער פון זיינע הויפּט־צילן איז: צו פאַרזיכערן די ארבעטער, זיי זאָלן קאָנען געניסן די פולע פּרוכט פון די פאַרמעגנס וואָס זיי באַשאַפן."

„דאָס לאַנד מוז באַלאַנגען צו די וואָס באַארבעטן עס, און טאָר ניט אָפּגעגעבן ווערן צו ספּעקולאַנטן אָדער פאַר ספּעקולאַציע צוועקן."

צווישן די אויפגאַבן, וואָס דער אָרדן האָט באַדאַרפט תיכף דורכפירן, זיינען געווען קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען, אונטערנעמונגען „וואָס זאָלן פאַרבייטן דעם איצטיקן סיסטעם פון לוין־ארבעט אויף אַ סיסטעם פון חברותאדיקער קאָאָפּעראַטיווער אינדוסטריע."

אין אלגעמיין איז די פּרינציפּן־דערקלערונג דיזעלבע, וואָס דזשאָרדזש ע. מעקניל האָט פאָרגעלייגט פאַר דעם ארבעטער־קאָנגרעס, אין 1874, אין ראָטשעסטער.

עס איז פאַראַן אַן אַנדער גירסא פון וואַנען די ראַדיקאַלע פּלאַטפאָרם פון דער „נייטס אָוו לייבאָר" האָט זיך גענומען.

איינער אַ „נייט", אַ סאָציאַליסט, שרייבט, אַז אין 1881 האָט ער באַ אַ געלעגנהייט געפרעגט דעם אַלטן אוריאַ סטעפענס מכח דער פּלאַטפאָרם פון אָרדן, און סטעפענס האָט דערציילט אָט וואָס:

„אין מיין נסיעה איבער איראָפּע, מיט 30 יאָר צוריק, בין איך אין לאָנדאָן באַקאַנט געוואָרן מיט א שניידער, וואָס האָט געהייסן איקאַריוס. שפּעטער, ווען איך האָב אָרגאַניזירט די קאַטערס יוניאָן אין פילאַדעלפיע, פלעג איך פון צייט צו צייט קריגן פון דעמזעלביקן באַקאַנטן פּאַמפלעטן פאַר אַגיטאַציע־צוועקן. צווישן די פּאַמפלעטן איז געווען דער „מאַניפעסט"... איך האָב דעם „מאַניפעסט" ביז דעמאָלט קיינמאָל ניט געלייענט, און איך האָב דאָרטן געפונען א סך געדאַנקען, איבער וועלכע איך אליין האָב שוין פון פריער געטראַכט, און איך האָב זיי באַנוצט באם אויסארבעטן די „פּרינ־ציפּן־דערקלערונג" פון אָרדן."

דער שניידער, מיט וועמען סטעפענס האָט זיך באַקאַנט אין איראָפּע, איז געווען דער באַוואוסטער פירער פון דעם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, איקאַריוס, אַ חבר און מיטקעמפער פון קאַרל מאַרקס און פרידריך ענגעלס, און דער פּאַמפלעט „מאַניפעסט", וואָס ער דערמאָנט, איז דער „קאָמוניס־טישער מאַניפעסט".*)

ניט געקוקט, וואָס דער טאָן פון דער „פּרינציפּן דערקלערונג" איז געווען אַ ראַדיקאַלער און וואָס די ערשטע גרינדער פון די „נייטס אָוו לייבאָר" זיינען געווען אָנגעהויכט מיט סאָציאַליסטישע געדאַנקען, איז אָבער דער אָרדן אין עצם ניט געווען ראַדיקאַל. די סאָציאַליסטישע נשמה האָט ניט געפונען קיין אָרט אינם גוף פון די „נייטס". כל־זמן אוריאַ סטעפענס איז געווען „גרענד מאַסטער וואָירקמען", איז דער סאָציאַליזם נאָך געווען צו דערליידן. פון 1897, ווען סטעפענס האָט רעזיגנירט און זיין פּלאַץ האָט פאַרנומען ס. פּ. פּאַודערלי, איז דער סאָציאַליסטישער גייסט אינגאנצן גע־וואָרן אויסגעוועפּט.

די סאָציאַליסטן זיינען געווען צום אָרדן זייער פריינטלעך. אַ סך זיינען אין אים אַריין אַלס מיטגלידער און האָבן דאָרטן געשפּילט אַ ראָלע, אָבער קיין סאָציאַליסטישן איינפלוס האָבן זיי ניט געהאַט אויף די „נייטס". נאָר וועגן דעם שפּעטער.

*) זע הילקוויטס „היסטאָרי אָוו סאָשעליזם אין דהי יונייטעד סטייטס."

**איידער** מיר גייען ווייטער, ווילן מיר געבן אַ קורצע ביאָגראַפיע פון אוריה ה. סטעפענס, גרינדער פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר״.

סטעפענס איז געבאָרן געוואָרן אויגוסט 3, 1821, אין קעיפּ־מעי, ניו דזשוירזי. פון זיין מוטערס צד שטאַמט ער אָפּ פון אַ קוויקער פאַמיליע, און קינדווייז האָט מען אים דערצויגן צו ווערן אַ באַפּטיסטישער גייסטלעכער. ער האָט זייער גוט געקענט דעם תנ״ך און זיין כאַראַקטער איז געווען דורכ־געדרונגען מיט רעליגיעזע סענטימענטן. נאָך דעם קריזיס־יאָר 1837 האָט ער זיך אויסגעלערנט די מלאכה פון שניידעריי. אַ קורצע צייט איז ער אויך געווען אַ לערער אין אַ סקול.

אין 1845 האָט ער איבערגעמופט קיין פילאַדעלפיע, וואו ער האָט גע־אַרבעט באַ זיין מלאכה. אין 1853 האָט ער געמאַכט א טור איבער וועסט אינדיע, צענטראַל־אַמעריקע, מעקסיקע און איבער אַנדערע לענדער אַרום דעם פּאַסיפיק. אין קאַליפאָרניע האָט ער פאַרבראַכט פינף יאָר און איז שפּעטער צוריקגעקומען קיין פילאַדעלפיע. ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער באַוועגונג אָפּצושאַפן די שקלאַפעריי אין דער סאַוט, און האָט שטאַרק געאַרבעט, אַז לינקאָלן זאָל דערוויילט ווערן פּרעזידענט. אין 1861 האָט ער זיך באַטייליקט אין דער נאַציאָנאַלער קאָנווענשאָן פון די אַרבעטער, וואו ער איז אַרויסגעטראָטן קעגן מלחמה. אין די זעכציקער יאָרן זאָל ער האָבן באַזוכט אייראָפּע, וואו ער איז געקומען אין באַרירונג מיט מיטגלידער פונם ערשטן אינטערנאַציאָנאַל, איבערהויפּט מיט דעם שוין אויבנדערמאָנטן איקאַריוס, וועלכער זאָל אים האָבן איבערגעגעבן דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט.*)

אין 1878 איז סטעפענס געוואָרן נאָמינירט אַלס קאָנגרעס־קאַנדידאַט אין פינפטן קאָנגרעשיינאַל דיסטריקט פון פילאַדעלפיע. ער האָט אָנגעפירט אַ שטאַרקן קאַמפּעין. ער האָט צוליב דעם רעזיגנירט אַלס „גרענד מאַסטער וואָירקמען״ פון דעם אָרדן „נאַיטס אָוו לייבאָר״, וועלכן ער האָט געגרינדעט. ער איז אָבער אין קאַמפּעין ניט געווען דערפאָלגרייך.

סטעפענס איז געווען אַ „מייסאָן״, אַן „אדד פעללאָו״ און אַ מיטגליד פון די „נייטס אָוו פּיטהיען״. ער איז געשטאָרבן אין 1882. אין די לעצטע יאָרן איז ער ניט געווען צופרידן מיט דער „פּאָליסי״ פון זיינע נאָכפאָלגער

*) מאַנכע ביאָגראַפן לייקענען אָפּ, אַז סטעפענס האָט געמאַכט א נסיעה אין אייראָפּע און אַז ער האָט געהאַט אַ שייכות מיט די אידייען און געדאַנקען פונם קאָמוניסטישן מאַניפעסט. — א. ש. ז.

אין דעם „נאַיטס אָוו לייבאָר", און די אומצופרידנקייט האָט אים אָפּגע־פרעמדט פון דעם אָרדן, צו וועלכן ער איז אין אָנפאַנג געווען איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן.

דערצויגן און געהאָדעוועט אין אַ רעליגיעזער אַטמאָספערע אין זיינע קינדער־יאָרן און אַ מיטגליד פון עטלעכע געהיימע אָרדנס אין די עלטערע יאָרן איז ער ניט געווען צופרידן מיט דער „פּאָליסי" פון זיין נאָכפאָלגער. ער איז געווען אַ שטאַרקער קעגנער פון די אָרדן־מנהגים און ער האָט אויך אויסגעפירט, אז די „נאַיטס" זאָל אַרונטערוואַרפן פון זיך די געהיימע סודות־דיקע הילע.

גלייך ווי דער אָרדן „נאַיטס אָוו לייבאָר" איז אַרויס פון באַהעלטעניש, פון אונטער דער ערד אין דער עפנטלעכקייט, האָט ער אָנגעהויבן זייער שנעל צו וואַקסן.

די ערשטע נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן פון די „נאַיטס" איז פאָרגעקומען אין רעדינג, פּאַ., און עס איז דערוויילט געוואָרן אַ נייע „גענעראַל אַסעמבלי" (עקזעקוטיוו קאָמיטע).

אויפן דריטן מיטינג פון דער „גענעראַל אסעמבלי" אין שיקאַגאָ (1878), איז געווען דער באַריכט, אַז עס האָבן זיך אָרגאַניזירט איבער הונ־דערט לאָקאַל אַסעמבליס.

אין 1883 איז די מיטגלידערשאַפט געווען איבער 52,000. אין 1884 — 71,000. אין 1885 — 111,000. אין 1886 — האָט דער אָרדן געציילט ביז 800,000 מיטגלידער.

דאָס איז געווען דער העכסטער פונקט, וואָס די „נאַיטס אָוו לייבאָר" האָט דערגרייכט. נאָך דעם יאָר 1886 האָט זי אָנגעהויבן גיין באַרג אַראָפּ, אויף צוריק.

דאָס יאָר 1886 איז געווען אַ יאָר פון גרויסע נסיונות אין דער אַרבע־טער באַוועגונג. קודם כל זיינען דעמאָלט פאָרגעקומען אַ סך סטרייקס, וואו דער אָרדן „נאַיטס אָוו לייבאָר" האָט געליטן איין נידערלאַגע נאָך דער צווייטער. דאָס האָט, פאַרשטייט זיך, באַ אַ סך „ריטער" אַרויסגערופן אַ גרויסע אַנטוישונג, וואָס איז דערגאַנגען ביז פאַרצווייפלונג. דערצו איז נאָך צוגעקומען די שיקאַגער טראַגעדיע, וואָס האָט אַרויפגעוואָרפן אַן אימה אויף די אַרבעטער טוער און האָט אַרויסגערופן אַ שרעקלעכע צעררודערונג אין די קרייזן פון די „רענק און פאַיל".

די שיף פון די „ריטער" האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט שטאַרק גענוג דורכצושניידן אַ וועג צווישן דעם שטורעמדיקן ים פון די פּאַסירונגען. אַ סך

מיטגלידער זיינען אַנטלאָפן פון קאַמפּס־פּלאַץ און האָבן פאַרלאָזן דעם אָרגאַ־ניזירטן פּראָנט, וואָס די „נאַיטס" האָבן אויפגעשטעלט. זיי זיינען געלאָפן צו אַ נייער, צו אַ מער זיכערער, און אפשר מער פּראַקטישער אָרגאַניזאַציע — צו דער אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, וועלכע האָט אָנגעפאַנגען צו פאַרנעמען אַלץ אַ מער און מער אָנגעזעענעם אָרט אין אַמעריקאַנישן לעבן.

די באַציאונגען צווישן די „נאַיטס אָוו לייבאָר" און דער „סאָשעליסט לייבאָר פּארטיי" זיינען אין אָנפאַנג געווען גאַנץ פריינדלעכע. אין 1881 זיינען צו די „נאַיטס" צוגעשטאַנען א סך פּראָמינענטע, אָנגעזעענע סאָציאַליסטישע פירער, צווישן זיי אויך פיליפּ פאָן פעטען, דער נאַ־ציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דער עס־על־פּי. דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי האָט שטענדיק אונטערגעשטראָכן מיט גרויס סימפּאַטיע די צילן פון דעם אָרבעטער אָרדן. קיין קאָנטראָלירענדיקן איינפלוס האָבן אָבער די סאָציאַליסטן אויף די „נאַיטס אָוו לייבאָר" ניט געהאַט. ערשט שפּעטער, אין אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן, בשעת דער אָרדן האָט שוין אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיין אויטאָריטעט אויף די האַרעפּאַשנע מאַסן, האָבן די סאָציאַליסטן אין אים געקראָגן אַ גרעסערע דעה. אין שטאָט ניו יאָרק איז איין לאָקאַל אסעמבלי דוראויס באַשטאַנען פון סאָציאַליסטן. די אַנדערע לאָקאַל אַסעמבליס האָבן זיך אויך פאַרהאַלטן זייער פריינדלעך צו די סאָציאַ־ליסטן. אין 1893 האָט די סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטיי געקראָגן דעם פולן קאָנטראָל איבער דער ניו־יאָרק דיסטריקט אַסעמבלי. דער פּאַרטיי האָט זיך אויך איינגעגעבן צו דערוויילן אייניקע פון אירע מיטגלידער אלס דע־לעגאַטן צו דער גענעראַל אַסעמבלי.

אין 1891 איז ט. פּ. פּאַודערלי ארונטער פון זיין אַמט אַלס פּאַרזיצער פון גענעראַל אַסעמבלי, צוליב זיין קאָנסערוואַטיזם און פיינטלעכער שטע־לונג צום סאָציאַליזם. אויף זיין פּלאַץ איז דערוויילט געוואָרן דזש. סאָווערין.

אין 1893 האָט פּאַודערלי נאָך אַמאָל ארויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור אַלס „מאַסטער וואָירקמען". ער איז אָבער ווידער דורכגעפאַלן צוליב דעם, וואָס די סאָציאַליסטן זיינען געווען קעגן אים. דער דערפּאָלגרייכער קאַנ־דידאַט דזש. ר. סאָווערין, וואָס איז דערוויילט געוואָרן מיט דער הילף פון די סאָציאַליסטישע שטימען, האָט געמוזט צוזאָגן, אַז ער וועט באַשטימען אַ מעמבער פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי אלס רעדאַקטאָר פון דעם „דזשוירנאַל אָוו דהי נאַיטס אָוו לייבאָר" — דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דעם אָרדן. ווען סאָווערין איז געוואָרן דערוויילט, האָט ער חרטה געהאַט אויף זיין צוזאָג. דאָס האָט געפירט צו אַ האַרציקער פּאָלעמיק צווישן אים און דעניעל דע ליאָן, דער פירער פון דער עס־על־פּי און דער טאָנגעבער

צווישן די סאָציאַליסטן און דעם אָרדן. דער רעזולטאַט פון דער פּאָלעמיק איז געווען, דאָס די יערלעכע קאָנווענשאָן פון די „נאַיטס״, וואָס איז אָפּגע־האַלטן געוואָרן אין וואַשינגטאָן, דעצעמבער, 1895, האָט דעליאָגען ניט צו־געלאָזן אַלס דעלעגאַט פון דעם ניו־יאָרקער דיסטריקט אַסעמבלי 49. די מאַיאָריטעט פון דעם דיסטריקט האָט זיך צוריקגעצויגן און מיט דעם זיינען אָפּגעריסן געוואָרן די באַציאונגען צווישן דער „סאָשעליסט לייבאָר פּארטיי״ און די „נאַיטס אָוו לייבאָר״.

דזש. ר. סאָווערין אַלס „מאַסטער וואָרקמען״, האָט דעם אָרדן קנאַפּ וואָס געהאָלפן. די „נאַיטס״ זיינען געוואָרן אַלץ ווייניקער פּאָפּולער צווישן די אַרבעטער. זיי זיינען געוואָרן קלענער אין צאָל און שוואַכער אין איינפלוס, ביז וואַנעט זיי האָבן אויפגעהערט צו האָבן אַ וועלכע עס איז ממשות אין דעם קאַמף פון די לוין־שקלאַפן פאַר אַ בעסערן און ליכטיקערן לעבן, און וואָס ווייניקער און שוואַכער די „נאַיטס״ איז געוואָרן, אַלץ גרעסער און שטאַרקער איז געוואָרן די „אַמעריקאַן פעדערײשאָן אָוו לייבאָר״, אויף וועמענס גורל עס איז אויסגעפאַלן צו שפּילן אַזאַ גרויסע ראָלע און לייגן איר שטעמפּל אויף דעם ווייטערדיקן גאַנג פון דער געשיכטע פון דער אַר־בעטער באַוועגונג אין אַמעריקע.

# די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר

עס זיינען פאַראַן אַלגעמיינע טרייד־פּראָבלעמען, פאַך־פּראָבלעמען, וואָס שווימען אַרויף באַ יעדן קאַמף צווישן אַרבעטער און אונטערנעמער. די „נאַיטס" און זייערע לאָקאַלע אַסעמבליס האָבן, לויט דעם מהות פון זייער אָרגאַניזאַציע־פּרינציפּ, ניט געקאָנט געבן אויף אַזוינע פראַגן אַן ענטפער. זיי האָבן געקעמפט אַ קאַמף מיטן קאַפּי־טאַליזם, זיי זיינען אָבער ניט געווען צוגעפּאַסט צום קאַמף מיט איטליכן קאַפּיטאַליסט באַזונדער. איבער יעדן סכסוך, וואָס פלעגט אויסברעכן, פלעגט ווערן געפּסקנט ניט פון פאַכלייט, נאָר פון אַזוינע, וואָס זיינען, אמת, געווען זייער איבערגעגעבן צו דער אַרבעטער־זאַך בכלל, האָבן אָבער געהאַט אַ קנאַפּע ידיעה און אַ שלעכטע באַקאַנטשאַפט מיט די איינצלהייטן פון יעדן טרייד בפרט.

אַזאַ צושטאַנד האָט זיך געמוזט שלעכט אָפּרופן אויף די טאָג־טעגלעכע אינטערעסן פון די אַרבעטער, וועלכע האָבן טאַקע אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן אַן אומצופרידנקייט מיטן אָרדן.

די „נאַיטס אָוו לייבאָר", אַלס אַ געהיימע אָרגאַניזאַציע, איז געווען עכט צענטראַליסטיש. די מיטגלידער זיינען געווען אונטערגעוואָרפן אַ שטרענגער דיסציפּלין, וואָס איז ניט בטל געוואָרן אפילו נאָך דעם, ווי דער אָרדן האָט פון זיך אַרונטערגעוואָרפן דעם שלייער פון געהיימניס, איז אַרויס אין דער עפנטלעכקייט און האָט אָנגעהויבן צו טאָן זיין אָרגאַ־ניזאַציע־אַרבעט בפרהסיא.

די גענעראַל־אַסעמבלי פלעגט זיך מישן אין אַלע אינערלעכע ענינים פון יעדער לאָקאַל־אַסעמבלי. זי פלעגט אַרויסגעבן אָרדערס און פלעגט דיקטירן ו ו אָ ס צו טאָן און ו ו י אַ ז ו י צו טאָן. זי די גענעראַל־אַסעמבלי, פלעגט גאַנץ אָפט האַנדלען דיקטאַטאָריש. אַזאַ דיסציפּלין און דיקטאַטור האָבן אָבער אָפּגעשטויסן אַ סך אַרבעטער פון זיך. ניט וויניק

אַרבעטער, ווידער, האָבן בכלל ניט געקאָנט פאַרטראָגן די צערעמאָניעס, וועלכע פלעגן ווערן דורכגעפירט אין אָרדן.

במקום צענטראַליסטישע און לאָקאַלע אַסעמבליס האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אַ נויטווענדיקייט אין דעמאָקראַטישע, אויטאָנאָמע, נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ט ר י י ד־אָרגאַניזאַציעס.

עס איז פאַרטיק געוואָרן דער באַדן פאַר דער „אַמעריקען פעדריישאָן אָוו לייבאָר", וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס איר אויפגאַבע צו זיין אַ פאַר־באַנד פון פרייע, אויטאָנאָמע, זעלבסטשטענדיקע נאַציאָנאַלע (אויך אינטער־נאַציאָנאַלע) יוניאָנס, אָרגאַניזירט לויט די ליניעס פון טרייד, אויפן פרינציפּ פון דעמאָקראַטיע, אָן די אַלטע אָפּגעלעבטע רעליגיעזע מנהגים און סודות־דיקע צערעמאָניעס.

אַ פּאָר ווערטער וועגן דער פאָרגעשיכטע פון דער אַמעריקען פעדע־ריישאָן אָוו לייבאָר.

בשעת מאַנכע אַרבעטער־פירער זיינען געוואָרן אומצופרידן מיט די „נאַיטס אָוו לייבאָר", האָבן זיי אין יאָר 1881 איינגעלאַדן „אינטערנעשאָנאַל און נעשאָנאַל יוניאָנס" טרייד־קאָונסילס און לאָקאַל־יוניאָנס אויף אַ באַ־ראַטונג.

דער רעזולטאַט פון דער באַראַטונג איז געווען — אַן אָרגאַניזאַציע, געגרינדעט אין פּיטסבורג, דעם 15טן נאָוועמבער פון דעם זעלביקן יאָר, אונטערן נאָמען: „פעדריישאָן אָוו אָרגאַנייזד טריידס ענד לייבאָר יוניאָנס אָוו דהי יונייטעד סטייטס ענד קאַנאַדע" (פעדעראַציע פון אָרגאַניזירטע טריידס און אַרבעטער־יוניאָנס אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע).

די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז לכתחילה ניט געוואָרן אָרגאַניזירט אַלס אַן אָפּאָזיציע קעגן די „נאַיטס אָוו לייבאָר", נאָר אַלס מיטקעמפּערן. והא־ראיה: אויף דער פּיטסבורגער קאָנווענשאָן האָבן 48 פון די 107 דעלע־גאַטן, וואָס זיינען זיך דאָרטן צוזאַמענגעקומען, פאַרטראָטן לאָקאַל־אַסעמ־בליס פון די „נאַיטס".

נאָך דער ערשטער קאָנווענשאָן האָט זיך צווישן דיביידע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען אַ מין פאָריבל. אַביסעלע שפּע־טער זיינען שוין פאָרגעקומען רייבונגען, וועלכע האָבן דערנאָך געפירט צו שטאַרקע מחלוקות.

אויף דער צווייטער קאָנווענשאָן פון דער „פעדעראַציע", אין קליוו־לאַנד, (נאָוועמבער, 1882), איז דער אָרדן פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר" ניט געווען פאַרטראָטן. און בסך הכל זיינען געקומען צו דער קאָנווענשאָן 17 דעלעגאַטן.

די קעגנערשאַפט פון דער ניי־געגרינדעטער פעדעראַציע צו די „נאַיטס" האָט זיך אַרויסגעוויזן אין דער רעזאָלוציע, וואָס זי, די פעדעראַציע, האָט אָנגענומען. „די פעדעראַציע שטרעבט", זאָגט די רעזאָלוציע, „צו דער־גרייכן אינדוסטריעלע אייניקייט פון די אַרבעטער ניט דורך אויטאָקראַטישע און ביוראָקראַטישע סקאַרבאָווע פאַרשריפטן און איין־איינציקן גלייכן אָר־גאַניזאַציע־פּלאַן פאַר אַלע, נאָר פאַרקערט, דורך דעם, וואָס זי וועט אָפּ־היטן די אינדיווידואַלישקייט און זעלבסטשטענדיקייט פון יעדן טרייד..."

די כוונה פון דער רעזאָלוציע איז געווען צו געבן אַ קאַפּוליער אָנ־צוהערעניש, אַז די פעדעראַציע וועט ניט גיין אין די דרכים און וועט זיך ניט אויפפירן ווי די „נאַיטס אָוו לייבאָר".

די דריטע קאָנווענשאָן פון דער פעדעראַציע איז פאָרגעקומען אין ניו יאָרק, אין אויגוסט, 1883. דאָ האָבן זיך שוין אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן בולט די סימנים פון דעם „פּיור ענד סימפּל" טרייד־יוניאָניזם, אָן וועלכן די אַמעריקען פעדערייטאָן אָוו לייבאָר האַלט זיך נאָך עד היום.

די קאָנווענשאָן האָט אויפגעפאָדערט די רעפּובליקאַנער און די דעמאָ־קראַטן, זיי זאָלן מאַכן קלאָר זייער שטעלונג בנוגע אַ געזעצלעכן אַכט־שטונדיקן אַרבעטס־טאָג, וואָס איז דעמאָלט געווען די הויפּט־פאָדערונג באַ די אַרבעטער און בנוגע דעם פאַרלאַנג צו עטאַבילרן אַ נאַציאָנאַלע אַרבעטס־ביוראָ.

די פערטע קאָנווענשאָן איז געווען אין שיקאַגאָ אין יאָר 1884. דאָ איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט פאַרדאַמט קינדער־אַרבעט און אַ פּראָטעסט קעגן דעם ניו יאָרקער סופרים קאָורט, וואָס האָט דערקלערט ניט־קאָנסטיטוציאָנעל דאָס געזעץ צו פאַרבאָטן סיגאַר־שעפּער אין טע־נעמענט־הייזער.

די הויפּט רעזאָלוציע אויף דער קאָנווענשאָן איז געווען... אַז... „פון ערשטן מאַי, 1886, זאָל אַכט שעה זיין אַ געזעצלעכער אַרבעטס־טאָג און אַז אַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זאָלן זיין גרייט דאָס דורכצופירן".

די פינפטע קאָוונעשאָן איז פאָרגעקומען אין וואַשינגטאָן, דעצעמבער, 1885. די קאָנוועשאָן איז ניט געווען אַ שטאַרק באַזוכטע. אינגאַנצן זיינען אויף איר געווען 18 דעלעגאַטן. זי האָט זיך אויך מיט קיין זאַך ניט אויס־געצייכנט, אַחוץ מיט דעם באַשלוס זיך צוצוגרייטן צום קאַמף פאַרן אַכט־שטונדיקן אַרבעטס־טאָג.

אין יענער צייט האָט אויסגעבראָכן אַ סכסוך צווישן די „נאַיטס אָוו לייבאָר" און דער „פעדעראַציע". דער סכסוך איז אַריבער אין אָן אָפענער פיינטשאַפט. עס זיינען געמאַכט געוואָרן פאַרזוכן מצד דער פעדעראַציע

צו מאַכן שלום מיט די „נאַיטס״, אָבער די „ריטער פון אַרבעט״ האָבן צוריק־געוויזן די שלום־אָנבאָטן.

די נייטראַלע טרייד־יוניאָנס, וואָס האָבן זיך ניט געמישט אין די מחלוקות פון די ביידע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפטן, האָבן צונויפגערופן אויף דעם 8טן דעצעמבער, 1886, אין קאָלומבוס, אָהייאָ, אַ קאָנווענשאָן פון אומאָפּהענגיקע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, אויסצואַרבעטן אַן אַלגעמיינע טאַקטיק.

די פעדעראַציע פון די אָרגאַניזירטע טריידס און לייבאָר־יוניאָנס איז דעמאָלט געפאַלן אויף אַ דיפּלאָמאַטישער המצאה. זי האָט איינגערופן אַ קאָנווענשאָן אין דער זעלביקער שטאָט אויף אַ טאָג פריער.

דעלעגאַטן פון פינף־און־צוואַנציק נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון איבער 316 טויזנט, האָבן באַשלאָסן, אַז די „פעדע־ריישאָן אָוו אָרגאַנייזד טריידס״ זאָל זיך אויפלייזן און אָנשטאָט איר צו גרינדן אַ נייע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען: „אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר״. דער באַשלוס איז גלייך אין קאָלומבוס, אָהייאָ, דורכגעפירט געוואָרן.

סעמועל גאָמפּערס איז אויף דער גרינדונגס־קאָנווענשאָן דערוויילט געוואָרן פּרעזידענט פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר. גאָמפּערס איז דעמאָלט געווען גענייגט צו סאָציאַליזם. מאַנכע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ הונדערט־פּראָצענטיקן סאָציאַליסט.

וואָס ווייטער און וואָס מער די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר איז געוואַקסן אין צאָל און אין איינפלוס, אַלץ שוואַכער און אָרימער זיינען געוואָרן די „נאַיטס אָוו לייבאָר״.

אויף דער סט. לואיסער קאָנווענשאָן פון יאָר 1888 איז באַשלאָסן גע־וואָרן, אַז פון דעם ערשטן מאַי, 1890, מוז זיך אָנהייבן אַ פאַרשטאַרקטע באַנייטע באַוועגונג פאַר אַן אַכט־שטונדיקן אַרבעטס־טאָג.

אַ יאָר שפּעטער (1889) איז אַזאַ רעזאָלוציע אָנגענומען געוואָרן אין פּאַריז, אויפן ערשטן קאָנגרעס פונם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל.

זינט דעמאָלט איז דער ערשטער מאַי געוואָרן אַן אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער יום־טוב, וואו עס ווערט איבער דער גאַנצער וועלט דעמאָנסטרירט די אַרבעטער־סאָלידאַרישקייט און דער פאַרלאַנג ניט צו אַרבעטן מער ווי אַכט שעה אַ טאָג.

אין פאַרלויף פון די ערשטע צוויי צענדליק יאָר נאָכדעם ווי זי האָט זיך געגרינדעט, האָט די אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר אַרויסגעגעבן טשאַרטערס צו אַלע טרייד־אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן צו איר אָפּע־

לירט. זיי זיינען געטשאַרטערט געוואָרן אַלס „אַפּיליאַייטעד באַדיס". דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ניט איינע, נאָר א י י נ י ק ע יוניאָנס פון איין אין דער זעלביקער אינדוסטריע זיינען געוואָרן טיילן פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. און ניט נאָר האָבן געקראָגן טשאַרטערס ב אַ־ז ו נ ד ע ר ע אָרגאַניזאַציעס פון איין אינדוסטריע, נאָר באַזונדערע אָרגאַניזאַציעס פון איין „קרעפט". אַזוי, צום ביישפּיל, זיינען ביידע — סיי די „אַמאַלגאַמייטעד סאָסייעטי" און סיי די „יונייטעד בראָדערהוד" — פון די קאַרפּעטנערס געוואָרן מעמבערס אין דער אַ. פ. אָוו ל.

אין 1900 איז באַשלאָסן געוואָרן צו האַלטן זיך אָן דער פּאָליסי פון „איין קרעפט — איין יוניאָן". דאָס האָט געפירט דערצו, אַז די פּאַר־שיידענע יוניאָנס, וועלכע פלעגן פירן שטענדיקע מחלוקות צווישן זיך וועגן יוריסדיקציע־פּראַגן, זיינען געווען געצוואונגען זיך צונויפצושמעלצן און פאַראייניקן אין איין יוניאָן. די צאָל פון די פאַראייניקטע „אינטערנע־שאָנאַלס" אין דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר איז אויף דעם דאָ־זיקן אופן געוואָרן קלענער.

מאַנכע יוניאָנס האָבן זיך אָבער ניט געוואָלט אונטערגעבן. זיי האָבן ניט געוואָלט זיך פאַרשמעלצן מיט אַנדערע יוניאָנס און פאַרלירן זייער אומאָפּהענגיקייט. זיי האָבן ווידערגעשפּעניקט דעם באַשלוס פון דער אַ. פ. אָוו ל. און זיינען דעריבער געוואָרן אויסגעשלאָסן פון דער „פעדעריי־שאָן". זיי זיינען געבליבן דרויסן און האָבן געמאַכט שבת פאַר זיך. זיי זיינען באַטראַכט געוואָרן אַלס „דואַל" אָדער „אָוטלאָו" יוניאָנס.

אין דער איצטיקער צייט גייען אַריין אין דער אַ. פ. אָוו ל. 106 נעשאָנאַל און אינטערנעשאָנאַל יוניאָנס. די דאָזיקע יוניאָנס זיינען אויטאָנאָם און די אַ. פ. אָוו ל. מישט זיך געוויינלעך ניט אין זייערע אינערלעכע אַנגעלעגנהייטן, סיידן מען ווענדט זיך צו איר. אַחוץ די אויטאָנאָמע נאַ־ציאָנאַלע יוניאָנס נעמט די אַ. פ. אָוו ל. אַרום 383 אָרגאַניזירטע קערפּער־שאַפטן, באַוואוסט אונטער נאָמען „לאָקאַל טריידס ענד לייבאָר יוניאָנס", וועלכע ווערן פאַרוואַלטעט דירעקט פון דער פעדעריישאָן.

אַ „לאָקאַל טרייד־יוניאָן" באַשטייט פון אַרבעטער אין אַ טרייד, וואָס איז ניט אָרגאַניזירט אויף אַ נאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, אָדער ווען די נאַציאָ־נאַלע יוניאָן איז ניט פאַרבונדן מיט דער א. פ. אָוו ל. אויב אַזאַ לאָקאַל טרייד־יוניאָן קריגט אַריין אַ גענעריקע צאָל מיטגלידער און פאַרטרעט מיט זיך אַ היבשן טייל פון דעם טרייד, ווערט זי דער נוקלעאוס, דער קערן פון אַ נאַציאָנאַלער אָדער אינטערנאַציאָנאַלער יוניאָן אין דעם טרייד. אַ סך פון די איצטיקע אינטערנעשאָנאַלס האָבן זיך אַנטוויקלט אויף אַזאַ אופן.

לעצטנס האָט די אַ. פּ. אָוו ל. אָנגענומען די פּאָליסי ניט צו שאַפן קיין נאַציאָנאַלע אָדער אינטערנאַציאָנאַלע יוניאָן פון אַ לאָקאַלער יוניאָן. די „פּול־מאַן פּאָרטערס" האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן אַ נאַציאָנאַלע יוניאָן אונטערן נאָמען „בראָדערהוד אָוו סליפּינג קאַר פּאָרטערס". די פּאָרטערס האָבן געהאַט אַן אומאָפּהענגיקע אָרגאַניזאַציע מיט אַ הויפּט־קוואַרטיר אין דער שטאָט ניו יאָרק. די פּאָרטערס האָבן פּאָריקן יאָר זיך געווענדט פּאַר אַ טשאַרטער צו דער אַ. פּ. אָוו ל. האָט די עקזעקוטיווע אָבער אַזאַ טשאַרטער ניט אַרויסגעגעבן, ווייל זי האָט געהאַלטן, אַז די אָרגאַניזאַציע איז ניט גענוג שטאַרק צו קאָנען מיט דער צייט אויסוואַקסן אין אַ נאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט. אָנשטאָט אַרויסצוגעבן איין טשאַרטער צו דער „בראָדערהוד אָוו פּאָרטערס", האָט די אַ. פּ. אָוו ל. געטשאַרטערט יעדן באַזונדערן לאָקאַל פון דער בראָדערהוד און זיי געשטעלט אונטער איר דירעקטער השגחה און קאָנטראָל.

יוניאָנס פון נעגער־אַרבעטער, וועלכע וואָלטן על פּי דין און על פּי יושר באַדאַרפט באַלאַנגען צו אַן אינטערנעשאָנאַל, ווערן אָבער צוליב ראַסן־פּאַראורטייל דאָרטן ניט אַריינגענומען, ווערן אויך געטשאַרטערט פון דער אַ. פּ. אָוו ל. אַלס לאָקאַלע טרייד־יונאָנס, וואָס געפינען זיך דירעקט אונטער איר קאָנטראָל.

אַ „פעדעראַל לייבאָר יוניאָן" באַשטייט פון אַרבעטער אין אַזעלכע ערטער, וואו עס איז ניטאָ אַזאַ נאַציאָנאַלע אָדער לאָקאַלע טרייד־יוניאָן. אַ פעדעראַל לייבאָר יוניאָן קאָן אין זיך האָבן אַלס מיטגלידער אַרבעטער פון פאַרשיידענע „קרעפטס". די מיטגלידער פון אַ פעדעראַל לייבאָר יוניאָן זיינען געוויינלעך אומגעלערנטע און אומקוואַליפיצירטע אַרבעטער פון אומבאַשטימטע טריידס.

די „סטייט פעדעריישאָנס אָוו לייבאָר" זיינען קערפּערשאַפטן, וועלכע באַשטייען פון פאָרשטייער פון אַלע נאַציאָנאַלע און אינטערנאַציאָנאַלע יוניאָנס, פון לאָקאַלע און פעדעראַלע יוניאָנס, און פון סיטיסענטראַלס, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אָן דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. אין יעדן סטייט איז פאַראַן אַ סטייט־פעדעריישאָן אָוו לייבאָר. אַ סטייט־פע־דעריישאָן אָוו לייבאָר געפינט זיך אויך אין פּאָרטאָ ריקאָ. די הויפּט־פונק־ציע פון די סטייט־פעדעריישאָנס איז אויפצופּאַסן, אַז עס זאָלן אין די לעדזשיסלייטשורס אָנגענומען ווערן פּאַסיקע געזעצן צו גונסטן די אַרבעטער.

די „סענטראַל לייבאָר יוניאָנס" אָדער „סיטי סענטראַלס" זיינען קער־פּערשאַפטן, וואוהין עס גייען אַריין דעלעגאַטן פון די טרייד־יוניאָנס, וואָס

געפינען זיך אין שטאַט. די אינטערנעשאָנאַלס פּאָדערן אויף זייערע לאָ־
קאַלס, אַז זיי זאָלן זיך אָנשליסן אָן די „סענטראַל לייבאָר יוניאָנס״.

די סענטראַל לייבאָר יוניאָנס האַלטן געוויינלעך אָפּ וועכנטלעכע מי־
טינגען און דינען אַלס אַ מין וואָגשאָל פאַר די פאַרשיידענע יוניאָנס אין
שטאַט. זיי האָבן אַלס זייער אויפגאַבע אויסצוגלייכן רייבונגען, וואָס
קומען פאָר צווישן מאַנכע יוניאָנס, זיי העלפן די אָנגעשלאָסענע יוניאָנס
אין צייט פון סכסוכים מיט אַרבעטסגעבער, און העלפן זיי אויך אויס
באַם שליסן אַגרימענטס. זייער הויפּט־אַרבעט באַשטייט אין פּראָפּאַגאַנדע
פאַר דעם יוניאָן לייבל. אין די „סיטי סענטראַלס״ ווערן צוגעלאָזן נאָר
דעלעגאַטן, וועלכע קומען פון יוניאָנס וואָס באַלאַנגען צו דער אַ. פ. אָוו ל.
פאַרטרעטער פון סוספּענדירטע און אָפּגעטיילטע אָדער „דואַל״־יוניאָנס,
קאָנען ניט ווערן אויפגענומען אין די סיטי סענטראַלס. דאָס איז אַ בפירושער
דין אין דער קאָנסטיטוציע פון דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר.

אַרום און אַרום זיינען פאַראַן 795 „סיטי סענטראַלס״ אין די פאַר־
אייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, פּאַנאַמאַ און פּאָרטאָ ריקאָ.

אין דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר זיינען פאַראַן פיר
דעפּאַרטמענטס:

1) פון בילדינג טריידס,
2) מעטאַל טריידס,
3) אייזנבאַן אָנגעשטעלטע, און
4) יוניאָן־לייבל טריידס.

יעדער דעפּאַרטמענט פאַרוואַלטעט אַליין מיט זיינע אָנגעלעגנהייטן,
האַלט אַליין אָפּ קאָנווענשאָנס און איז אינגאַנצן אומאָפּהענגיק אין זיינע
האַנדלונגען, כל זמן זיי קומען ניט אין ווידערשפּרוך מיט די רעגולאַציעס
פון דער אַ. פּ. אָוו ל.

# סאָציאַליסטן און די אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר

די סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי האָט ניט נאָר אויסגענוצט דעם סטיכישן, ניט־אָרגאַניזירטן קאַמף פון די אַרבעטער פאַר סאָצאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, נאָר זי האָט אויך געזוכט אַריינצודרינגען אין די אָרגאַניזירטע יוניאָנס.

אין 1881 האָבן איינקע פירער פון דער ס. ל. פּ., צווישן זיי פּיליפּ פאָן פּעטער, דער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון דער פּאַרטיי, זיך אָנגעשלאָסן אָן דעם אָרדן „נאַיטס אָוו לייבאָר״. דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי האָט שטאַרק אַגיטירט פאַר דעם אַרבעטער־אָרדן און האָט באַ יעדער געלעגנהייט אַגיטירט פאַר זיך אָנשליסן אָן אים. איין לאָקאַל־אַסעמבלי אין ניו יאָרק „דער עקסעלזאָר קלוב״, איז באַשטאַנען דורכויס פון סאָציאַליסטן. אויך אַנדערע לאָקאַלע אַסעמבליס זיינען געווען סימ־פּאַטיש צום סאָציאַליזם.

דער שידוך צווישן די „נאַיטס״ אָוו לייבאָר״ און דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי האָט זיך אָבער קיינמאָל ניט געקלעפּט. די ליבע צווישן זיי איז געווען אַ ריין פּלאַטאָנישע. ערשט שפּעטער, אָנפאַנג די ניינציקער יאָרן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די ירידה פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר״, האָט די עס־על־פּי געקראָגן דאָרטן אַן איינפלוס.

אין 1893 האָט די עס־על־פּי קאָנטראָלירט דעם ניו יאָרקער דיסט־ריקט אַסעמבלי — דעם באַוואוסטן דיסטריקט אַסעמבלי 49. איר האָט זיך אפילו אויך איינגעגעבן צו דערוויילן איינקע פאַרטרעטער אין דער גענעראַל־אַסעמבלי. דער איינפלוס פון די סאָציאַליסטן איז געווען אַזוי גרויס, דאָס זיי זיינען, ווי מיר האָבן שוין פריער געזאָגט, געווען בכח נידערצושטימען דעם קאָנסערוואַטיוון „גרענד מאַסטער וואָירקמען״ פּאודערלי און דערוויילן אויף זיין פּלאַץ דזש. ד. סאָווערין, וועלכער האָט

פאַרשפּראָכן צו באַשטימען אַ טאָן־געבער אין דער פּאַרטיי, דעם באַוואוסטן לוסיען סעניעלס, אַלס רעדאַקטאָר פונם אָפיציעלן אָרגאַן די „נאַיטס".

סאָווערין איז שפּעטער געוואָרן גאַנץ קאַלט צום סאָציאַליזם און האָט זיין פאַרשפּרעכן ניט געהאַלטן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקע מחלוקה. די מאַיאָריטעט פונם דיסטריקט איז אַרויס פון אָרדן און דער שידוך צווישן די עס־על־פּי און די „נאַיטס אָוו לייבאָן" איז אינגאַנצן אָפּגעלאָזן געוואָרן.

מיט דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר איז די עס־על־פּי אויך ניט געווען מזלדיק.

בשעת די פעדעריישאָן אָוו לייבאָר האָט זיך אָרגאַניזירט האָבן די סאָציאַליסטן איר באַגעגנט מיט אָפענע אָרעמס. אמת טאַקע, דער טאָן פון איר פּראָגראַם איז געווען קאָנסערוואַטיווער פון די „נאַיטס אָוו לייבאָר", אָבער זי האָט מער אַפּעלירט צו די סאָציאַליסטן מיט איר פרייערן, מער דעמאָקראַטישן גייסט, מיט איר טאַקטיק צו פירן אירע פאַרהאַנדלונגען און געשעפטן מפרהסיא, אָפן, אָן סודות און רמזים. פון די 107 דעלעגאַטן, וועלכע האָבן אין 1881 געגרינדעט די אַ. פ. אָוו ל., זיינען זעקס געווען הונדערט־פּראָצענטיקע אַקטיווע סאָציאַליסטן. אפילו סעמועל גאָמפּערס, דער ערשטער פּרעזידענט פון דער פעדעריישאָן, איז אין יענער צייט געווען פריינטלעך צום סאָציאַליזם.

אויף די ערשטע קאָנווענשאָנס פון דער אַ. פ. אָוו ל. פלעגן די סאָציאַליסטן אַרויסטרעטן אַלס אַן אָרגאַניזירטע גרופּע. זיי האָבן דאָרטן אַגיטירט און פּראָפּאַגאַנדירט פאַר אַן אומאָפּהענגיקער, זעלבסטשטענדיקער אַרבעטער־באַוועגונג.

אין 1885 האָבן די סאָציאַליסטן צום ערשטן מאָל אַריינגעטראָגן אַ רעזאָלוציע אויף דער קאָנווענשאָן פון דער אַ. פ. אָוו ל. אָנצופירן אַן אומאָפּהענגיקע פּאָליטישע אַקציע.

די רעזאָלוציע איז דורכגעפאַלן. אָבער אויף דער נעקסטער קאָנווענשאָן, אין 1886, איז מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט באַשלאָסן געוואָרן אויפצופאָדערן די מעמבערס, צו אונטערשטיצן מיט אַלע מעגלעכע מיטלען אַן אומאָפּהענגיקע פּאָליטישע באַוועגונג פונם אַרבעטער־קלאַס

אַזוי האָבן די סאָציאַליסטן „געבויערט פון אינעווייניק" און צייטנווייז טאַקע געקראָגן אַן איינפלוס אויף דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר.

זינט דער קאָנווענשאָן פון 1890 אין דעטראָיט האָבן דיביידע טיילן פון דער אַמעריקאַנער אַרבעטער־באַוועגונג — די סאָציאַליסטישע און

**די טרייד־יוניאָניסטישע — אָנגעפּאַנגען זיך דערוויטערן איינער פון דעם אַנדערן ביז וואַנען זיי זיינען אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט געוואָרן.**

**דאָרטן האָט פּאַסירט אָט וואָס:**

**די סענטראַל לייבאָר פעדערייש‏אָן אָוו ניו יאָרק — אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אין 1888 זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער סענטראַל לייבאָר יוניאָן*) האָט אין דעם זומער בעפאָר די קומענדיקע קאָנווענשאַנס פון דער אַ. פ. אָוו ל. זיך געווענדט נאָך אַ טשאַרטער. סעמועל גאָמפּערס האָט דעם פאַרלאַנג ניט באַוויליקט אויף דעם גרונט, וואָס אין דער סענטראַל לייבאָר פעדערייש‏אָן גייט אַריין אַלס אַ טייל די אַמעריקאַנישע סעקציעס פון דער עס־על־פּי, און די קאָנסטיטושאָן פון דער אַמעריקען פעדערייש‏אָן אָוו לייבאָר —האָט גאָמפּערס באַגרינדעט זיין אָפּזאָג — פאַרבאָט וועלכע עס איז פאַרבינדונג מיט פּאָליטישע פּאַרטייען.**

**די סענטראַל לייבאָר פעדערייש‏אָן, צו וועלכער עס האָט, אגב אורחא, באַלאַנגט די דייטשע פּאַראייניקטע געווערקשאַפטן — דער פאָרבילד פון די פאַראייניקטע אידישע געווערקשאַפטן — האָט אַפּעלירט קעגן גאָמ־פּערסעס צוריקווייז צו דער קאָנווענשאָן פון דער אַ. פ. אָוו ל. לוסיען סע־ניעל פון דער אַמעריקאַנישער סעקציע עס־על־פּי איז געוואָרן דעלעגירט צו פאַרטיידיקן דעם אַפּיל.**

**די דעבאַטע וועגן דעם איז געווען אַ היציקע, אַ ליידנשאַפטלעכע. עס איז אויף דער קאָנווענשאָן צוליב דעם אויסגעדראַשן געוואָרן דער גאַנצער ענין וועגן דער שטעלונג פון דער אַ. פּ. אָוו ל. צו דער עס־על־פּי. די אָפּשטימונג האָט געגעבן: 525 שטימען פאַר דעם, אַז מען זאָל יאָ אַרויסגעבן אַ טשאַרטער צו דער סענטראַל לייבאָר פעדערייש‏אָן, און 1699**

---

*) די סענטראַל לייבאָר יוניאָן, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט אין 1882 מיט דער הילף פון סאָציאַליסטן און האָט אין אָנפאַנג געהאַט פריינטלעכע באַציאונגען צו דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, איז שפּעטער גע־וואָרן אַ „פּיור ענד סימפּל" קערפּערשאַפט. דאָס איז געווען איינע פון די אורזאַכן, וואָס האָבן געפירט צו דער גרינדונג פון דער „סענטראַל לייבאָר פעדערייש‏אָן". די סענטראַל לייבאָר פעדערייש‏אָן איז באַשטאַנען מערסטנס פון סאָציאַליסטיש־געניגטע יוניאָנס, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז די אַרבעטער, סיי אויפן פּאָליטישן און סיי אויפן עקאָנאָמישן געביט, דאַרפן זיין אומאָפּהענגיק פון אַנדערע פּאַרטייען און גרופּן. די סענטראַל לייבאָר פעדערייש‏אָן איז ניט געווען אינגאַנצן פאַר דעם „פּיור ענד סימפּל יוניאָניזם".

— קעגן. גאָמפּערס האָט דאָ געזיגט איבער די סאָציאַליסטן, וועלכע האָבן געהאַט, ווי מיר זעען דאָ, אַ היבע צאָל שטימען. די פּראָפּאָרציע איז געווען ווי איינס צו דריי.

אויף דער שיקאַגער קאָנווענשאָן פון דער א. פ. אוו ל. אין יאָר 1893, איז די פראַגע נאָכאַמאָל אַרויפגעבראַכט געוואָרן פונם באַוואוסטן ראַדי־קאַלן סאָציאַליסט טאָמאַס דזשיי. מאָרגאַן, אַ מעמבער פון דער עס־על־פּי.

נאָך אַ לענגערער ערנסטער דיסקוסיע, וואו די סאָציאַליסטן זיינען אויסגעהערט געוואָרן מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט, איז באַשלאָסן געוואָרן איבערצוגעבן די גאַנצע אָנגעלעגנהייט צו אַ רעפערענדום פון די באַזונ־דערע יוניאָנס, וועלכע זיינען אָנגעשלאָסן אָן דער אַ. פ. אָוו ל.

דער רעזולטאַט פון דעם רעפערענדום איז געבליבן אומבאַקאַנט. יעדער צד האָט געטענהט, אַז די מאַיאָריטעט האָט געשטימט מיט אים. אויף דער נעקסטער קאָנווענשאָן פון יאָר 1894 האָט געזאָלט די אישו וועגן סאָציאַליזם אָפּגעשטימט ווערן פון די דעלעגאַטן, וועלכע האָבן געדאַרפט שטימען לויט די אינסטרוקציעס, וואָס זיי האָבן געקראָגן פון זייערע אָר־גאַניזאַציעס. דורך אַ פּאַרלאַמענטאַרישן דריידל איז די אָפּשטימונג ניט דורכגעפירט געוואָרן.

אויף די יערלעכע קאָנווענשאָנס פון די ווייטערדיקע דריי יאָר איז דער סאָציאַליזם ווידער געשטאַנען אויפן טאָג־אָרדענונג בעפאָר דער אַ. פ. אָוו ל. די שטימען האָבן זיך ווידער געטיילט אין דער פּראָפּאָרציע פון איינס צו דריי. דאָס הייסט, אַ פערטל דעלעגאַטן אויף דער קאָנווענשאָן האָבן געשטימט פ אַ ר דער רעזאָלוציע פון די סאָציאַליסטן, און דריי־פערטל — קעגן.

אויף דער קאָנווענשאָן פון קענזאַס סיטי, אין יאָר 1883, האָט מאַקס ס. העיז ווייטער אַריינגעבראַכט אַ סאָציאַליסטישע רעזאָלוציע און דאָ האָט די אַ. פ. אָוו ל., נאָכדעם ווי זי האָט די רעזאָלוציע פאַרוואָרפן, אַרויסגעגעבן איר דערקלערונג, אַז זי אינטערעסירט זיך בלויז מיט עקאָנאָמישע פּראָ־בלעמען, וואָס זיינען נוגע דעם אַרבעטער־קלאַס און איז קעגן דעם, עס זאָל אין דער פעדערייש אָן אַריינגעבראַכט ווערן פּאַרטיי־פּאָליטיק און רעליגיעזע און ראַסן־פּאַראורטיילן.

פון דעמאָלט־אָן האָט דער סאָציאַליזם אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַ קליינעם פּלאַץ אויף די קאָנווענשאָנס פון דער אַ. פ. אָוו ל. איינציקע סאָציאַליסטן פלעגן אַמאָל אויפהויבן די פראַגע אויף זייער אייגענער איני־ציאַטיווע, אָבער אָן אַ שום ממשותדיקן דערפאָלג. אַלס אַ פּ אַ ר ט י י

האָבן די סאָציאַליסטן אויפגעהערט צו פיגורירן אויף די קאָנווענשאָנס פון דער אַ. פ. אָוו ל.

נאָך אין יאָר 1890, ווען לוסיען סעניעלס איז ניט צוגעלאָזן געוואָרן אַלס אַ דעלעגאַט פון דער סענטראַל לייבאָר פעדעריישאָן, האָט די עס־על־פּי אָנגעהויבן זיך צו דערנעענטערן צו די „נאַיטס אָוו לייבאָר“ מיט די שוין אונדז באַוואוסטע רעזולטאַטן.

די אומצופרידנקייט מיט דער אַמעריקען פעדעריישאָן אָוו לייבאָר און מיט די נאַיטס אָוו לייבאָר, וואָס האָט געהערשט צווישן די סאָציאַליסטיש־געשטימטע יוניאָן־לייט, האָט דער פירער פון דער עס־על־פּי, דעניעל דע ליאָן, אויסגענוצט צו גרינדן די נייע קערפּערשאַפט : „די סאָשעליסט טרייד ענד לייבאָר אַלייענס“.

די דאָזיקע קערפּערשאַפט האָט אָבער קיין דערפאָלג ניט געהאַט.

# דער אָנהויב פון „עס-על-פּי"

די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער „סאָשעל דעמאָקראַ-טיק וואָירקינגמענס פּאַרטיי" האָבן מער געהאַלטן פון פּראַקטישער פּאָליטיק ווי פון טעאָרעטישע דיסקוסיעס איבער יעדער קוצו של יוד פון מאַרקס לערע. זיי האָבן אַזעלכע דיסקוסיעס געהאַלטן פאַר האָר־שפּאַלטעריי, וואָס האָבן ניט קיין באַדייטונג אין טעגלעכן לעבן.

אממערסטן זיינען דאָס געווען דייטשע סאָציאַליסטן „לאַסאַליאַנער", וואָס זיינען בכלל ניט געווען שוה בשוה מיט די „אייזענאַכער", וועלכע האָבן זיך געהאַלטן פאַר הונדערט־פּראָצענטיקע מאַרקסיסטן.*)

אין דער פּרינציפּן־דערקלערונג לייענען מיר:

„דהי סאָשעל דעמאָקראַטיק וואָירקינגמענס פּאַרטי שטרעבט צו גרינדן אַ פרייען שטאַט, וואָס זאָל זיין געבויט אויף אַרבעט. איטלעכער מיטגליד פון דער פּאַרטיי פאַרשפּרעכט אונטערצושטיצן מיט אַלע מיטלען, וועלכע געפינען זיך באַ אים אין רשות, אָט די פאָלגנדע פּרינציפּן:

1) אָפּשאַפן די געגנווערטיקע אומגערעכטע פּאָליטישע און סאָציאַלע באַדינגונגען.

2) בטל מאַכן אַלע קלאַסן פּריווילעגיעס.

---

*) בשעת די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע באַוועגונג אין דייטשלאַנד איז נאָך געווען יונג, איז דאָרטן פאָרגעקומען אַ פּראַקציאַנעלער קאַמף צווישן די יעניקע, וועלכע האָבן ניט אָפּגעטראָטן אַפילו אויף אַ האָר פון פערדינאַנד לאַסאַל טעאָריע און פּראַקטיקע (לאַסאַליאַנער) און די „אייזענאַכער", נאָך דער דייטשער שטאָט אייזענאַך, וואו עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ פּראָגראַם, ווי לאַסאַלס תלמידים האָבן עס געפאָדערט. דער קאַמף צווישן די „לאַסאַ-ליאַנער" און „אייזענאַכער" איז פאַרטגעזעצט געוואָרן צווישן די דייטשע אַרבעטער־אימיגראַנטן דאָ אין אמעריקע, אין דער צייט, ווען די סאָציאַליס-טישע באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. — א. ש. ז.

3) זען, אַז די אַרבעטער זאָלן ניט זיין אָפּהענגיג פון קאַפּיטאַליסט. איינפירן אַ סיסטעם פון קאָאָפּעראַטיווער ארבעט אַנשטאָט לוין־אַרבעט, כדי יעדער אַרבעטער זאָל קריגן דעם פולן ווערט פון זיין אַרבעט.

4) איבערצונעמען די פּאָליטישע מאַכט אַלס אַ פּאַרבאַדינג צו לייזן די ארבעטער־פראַגע.

5) אַ פאַראייניקטער קאַמף, אַ פאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע פון אַלע ארבעטער, וואו יעדער יחיד זאָל זיך אונטערוואַרפן די געזעצן, וועלכע ווערן געשאַפן אין די נוצן פון כלל.

6) אונטערשטיצן די ארבעטער פון אלע לענדער, וועלכע שטרעבן און קעמפן פאַר די זעלביקע צילן.

די אַדמיניסטראַציע פון דער פּאַרטיי איז איבערגעגעבן געוואָרן אין די הענט פון אַ פינפער עקזעקוטיוו קאָמיטע און אַ קאָנטראָל־קאָמיטע פון ניין.

דער ערשטער סעקרעטער איז געווען א. סטרעסער, אַ ציגאַרן־מאַכער, אַ מאַן מיט פיל ענערגיע און טאַקט. סטרעסער האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג פון יענעם פעריאָד. שפּעטער האָט ער זיך אינגאַנצן געווידמעט דער טרייד־יוניאָן באַוועגונג.

די צווייטע קאָנווענשאָן פון דער פאַרטיי איז פאַרגעקומען אין פילאַ־דעלפיע דעם 4טן, 5טן און 6טן יולי, 1875. אַ סך נייע מיטגלידער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער פּאַרטיי, צווישן זיי זיינען געווען וויכטיקע טוער און איבערגעגעבענע פייאיקע פּראָפּאַגאַנדיסטן, א שטייגער, פּ. דזש. מעקוואַיר, שפּעטער גענעראַל־סעקרעטער פון „די יוניטעד בראָדערהוד אָוו קארפּענ־טערס"; אַלבערט ר. פּאַרסאָנס, שפּעטער געוואָרן אַן אַנאַרכיסט און האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער שיקאַגער היימאַרקעט טראַגעדיע פון 1886, פאַר וועלכער די קאַפּיטאַליסטישע גערעכטיקייט האָט אים פאַראור־טיילט צום טויט און היגעריכטעט; דזש. וו. שילינג, אַ באַגאַבטער רעדנער, אַ מענטש מיט גרויס איינפלוס אין די שיקאַגער ארבעטער־קרייזן.

די פּאַרטיי האָט ארויסגעגעבן אין ניו יאָרק אַן ענגלישע וואָכנבלאַט „דהי סאָשעליסט."

אויף דער פילאַדעלפיער קאָנווענשאָן איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָ־לוציע צו אינסטרואירן די עקזעקוטיווע צו פאַראייניקן אַלע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פון לאַנד.

הערבסט פון דעמזעלביקן יאָר (1875) זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אייניקע קאָנפערענצן, וואו עס האָבן זיך באַטייליקט פירער פון אַט די פאַרשידענע צעוואָרפענע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס.

פון די „יונייטעד וואָירקערס", אַן אומאָפּהענגיקע אָרגאַניזאַציע פון ענג־

ליש־ריידנדיקע סאָציאַליסטן,וועלכע האָט פריער באַלאַנגט צום ערשטן אינ־טערנאַציאָנאַל, זיינען געווען פאַרטראָטן ד. פּ. מעקדאָנאַלד און ר. קריוועג־בערג, וו. סטרעסער, מעק גריגאַר, דזש. שפּייער און האַנסען האָבן רעפּרע־זענטירט די „סאָשעל דעמאָקראַטיק וואָירקינגמענס פּאַרטי". פון די סעקציעס פונם אינטערנאַציאָנאַל זיינען געקומען אלפרעד זאָרגע, בעטראַד, לאָוב און העססע. די פראַנצויזישע סעקציע האָט געשיקט אַלס דעלעגאַט דעם באַ־וואוסטן קאָמונאַר א. סאַוואַ.

אין דער אייגענער צייט איז אָנגעגאַנגען אַ באַוועגונג צווישן די אַמאָ־ליקע פירער פון דער נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן צו פאַרזאַמלען די צעזייטע און צעשפּרייטע מיטגלידער און צוריק אויפלעבן זייער פריערדיקע איינפלוס־רייכע אָרגאַניזאַציע און גרינדן אַ נייע פּאָליטישע לייבאָר פּאַרטיי. זיי האָבן פאַר דעם צוועק צונויפגערופן אַ קאָנווענשאָן אין פּיטסבורג, דעם 17טן אפּריל, 1876.

די סאָציאַליסטן פון פאַרשידענע ריכטונגען האָבן אין דער קאָנווענשאָן געזען אַ גוטע געלעגנהייט צו בילדן דעם שוין לאַנג דערוואַרטן פּאַראייניקטן פראָנט און זיי זיינען אויך געקומען קיין פּיטסבורג.

אויף דער קאָנווענשאָן פון דער נעשאָנאַל לייבאָר יוניאָן זיינען געווען פאַרטראָטן 106 דעלעגאַטן. צווישן זיי זיינען געווען אַ סך ליבעראַלן און רעפאָרמער פון פאַרשידענע קאָלירן, פאַרבן און שאַטירונגען, וועלכע האָבן זיך, ווי דער שטייגער איז, שטענדיק געשדכנט צו די פּאָפּולערע ארבעטער־אָרגאַניזאַציעס. די סאָציאַליסטן, ניט מער ווי צוואַנציק אין צאָל, האָבן אָבער מיט זייער פאַראייניקטער, אויסגעהאַלטענער טאַקטיק געקראָגן די אויבער־האַנט.

פון דער קאָנווענשאָן איז קיין ממשותדיקע פּאַרטיי ניט אַרויסגעוואַקסן; אָבער די זוימען, וואָס דאָרטן זיינען פאַרזייט געוואָרן, זיינען ניט געגאַנגען אין ניוועץ. די סאָציאַליסטן, וואָס זיינען געווען פאַרזאַמלט, האָבן באַשלאָסן דורכצופירן זייער פאַראייניקונגס־פּלאַן, איבער וועלכן זיי האָבן שוין פון פריער געאַרבעט און האָבן באַשלאָסן צו רופן אַ נייע קאָנווענשאָן, וואו דער פּלאַן זאָל ווערן פאַרווירקלעכט אין דער פּראַקטיקע.

אַזאַ קאָנווענשאָן איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין פילאַדעלפיע, פון 19טן ביזן 21טן יולי, 1876.

די סאָשעל דעמאָקראַטיק וואָירקינגמענס פּאַרטיי, מיט אַ מעמבערשיפּ פון 1500, איז אויף דער קאָנווענשאָן געווען פאַרטראָטן דורך וו. סטרעסער, פּ. דזש. קעקוואוד און א. גאַבריעל. די „לייבאָר פּאַרטיי אָוו איליגאָי", מיט א מעמבערשיפּ פון 593, דורך ס. גאָנצעט. די פעדעראַציע פון די אינטערנאַ־

ציאָנאַלע סעקציעס מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון 635, האָבן פאַרטראָטן א. זאָרגע און אָטאָ ווערדעמייער. די סאָשל־פּאָליטיקאַל לייבאָר יוניאָן פון סינסינעטי, וואָס האָט געציילט 250 מיטגלידער, האָט דעלעגירט טשארלז בראַון.

די אַלע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך פאַראייניקט אין איין פאַרטיי אונטערן נאָמען: „דהי וואָירקינגמענס פארטי אָוו דהי יונייטעד סטייטס."

עס איז דערוויילט געוואָרן אַ נעשאָנאַל עקזעקוטיוו קאָמיטע פון זיבן מיטגלידער, וואָס האָט באַדאַרפט קאָנטראָלירט ווערן פון „אַ באָרד אָוו סופּערוויזשאָן" פון פינף מיטגלידער. אַלס די הויפּט־קוואַרטיר פון דער עקזעקוטיווע איז אויסגעקליבן געוואָרן שיקאגא און אַלס די הויפּט־קוואַרטיר פון דער באָרד אָוו סופּערוויזשאָן — ניו הייווען.

אין דעצעמבער, 1877, איז אין נואַרק, נ. דזש., פאָרגעקומען די צווייטע קאָנווענשאָן פון דער „וואָירקינגמענס פארטי אָוו דהי יונייטעד סטייטס".

דאָרטן איז באַשלאָסן געוואָרן צו ענדערן דעם נאָמען פון דער פארטיי אויף „דהי סאָשעליסט לייבאָר פּארטי אָוו נאָרד אמעריקא" — און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער פּעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער לייבאָר פּארטי (די „עס־על־פּי").

די סאָציאַליסטישע ארבעטער פּארטיי האָט זיך אָרגאַנאַזירט אין א צייט, ווען יאַבער גאַנץ אַמעריקע האָט זיך אויפגעהויבן א הויכע כוואַליע פון סטרייקס און אַנדערע ארבעטער אומרוען.

די סטרייקס זיינען ניט געווען אָרגאַניזירט. זיי האָבן פון זיך אליין, סטיכיש, אויסגעבראָכן אַלס אַ פּראָטעסט קעגן די רעילראָוד מאַגנאַטן, וועלכע האָבן געשניטן און האָבן געוואָלט נאָכמער שניידן די שכירות פון די ארבעטער.

נאָכן בירגער־קריג האָט זיך אָנגעהויבן א ריזיק־שנעלע אנטוויקלונג פון אייזנבאַנען. ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן האָבן יעדן טאָג זיך געגרינדעט קאָמפּאַניס און קאָרפּאָריישאָנס צו בויען נייע וועגן און אייזנבאַנען.

די אייזנבאַנען און די שטאָל און אייזן אינדוסטריס, וועלכע זיינען פאר זיי נויטווענדיק, זיינען געווען די הויפּט אינדוסטריעס פון לאנד. ארום זיי האָבן זיך אנטוויקלט גרויסע און קאָפּ־שווינדלדיקע ספּעקולאציעס אויף די בירזשעס. יעטווידער איינער, וואָס האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר דאָלאר, האָט געקויפט און געגעמבלט מיט „רעילראָוד סטאַקס" (אייזנבאַן־אַקציעס).

ווען עס איז געקומען דער קריזיס פון 1873 האָט ער זיך, זעלבסטפאַר־שטענדלעך, קודם כל אָפּגערופן זייער שלעכט אויף דער אייזנבאַן אינדוסטרי. דער ערשטער שעיר לעזאזל, ווי דער שטייגער איז, איז געווען דער ארבעטער.

אין דעם משך פון 1873 ביז 1877 זיינען די שכירות פון די אייזנבאַן־אַרבעטער אַרונטער אויף 25 פּראָצענט. אין יוני 1877 האָבן די באַלעבאַטים פון די הויפּט ליניעס אָנאָנסירט, אַז זיי קלייבן זיך אַרונטערצונעמען נאָך צען פּראָצענט פון די שכירות.

אָט דער אָנאָנסמענט האָט געווירקט ווי א פונק אין אַן עלעקטריזירטער אַטמאָספערע. די באַן־אַרבעטער, וועלכע זיינען אזוי אויך געוועזן שטאַרק פאַרביטערט, האָבן זיך צעבונטעוועט און זיך א הויב געטאָן אין פאַרשידענע ערטער, ניט צוזאַמענגערעטערהייט.

עס זיינען פאָרגעקומען בלוטיקע צוזאַמענשטויסן צווישן דער מיליץ און די סטרייקערס. איןאיין אָרט (רעדינג, פּאַ.) האָט די מיליץ, וואָס איז באַשטאַנען פון ארבעטער, סימפּאַטיזירט מיט די סטרייקערס. בכלל אָבער האָבן זיך די באוואפנטע אָרדנונגס־היטער און באַשיצער געהאַלטן זייער חוצפּהדיק, פּראָוואָקאַטאָריש, און אין אַ סך ערטער זיינען נאָך די צוזאַמענשטויסן איבערגעבליבן צענדליקער טויטע און הונדערטער פאַרוואונדעטע.

עס פאַרשטייט זיך, אַז די ארבעטער זיינען ניט געבליבן קיין גרויסע בעלי־חובות. זייער ביטערניש און גאַל האָט זיך אויסגעגאָסן אין א רייע אייגנטום־פאַרניכטונגען און זייער צאָרן־אויסברוך האָט זיך גאַנץ אָפט גע־ענדיקט מיט קאַליע מאכן די וועגן און ברעכן די וואַגאָנעס.

אין אנדערע שטעט, ווי אין סט. לואיס, זיינען די סטרייקער געוועזן די פּאַקטישע באַלעבאַטים פון שטאָט. די אַדמיניסטראַציע האָט זיך באַהאַלטן און האָט מורא געהאַט צו געבן אַ פּיפּס, אום ניט אויפצורייצן און ארויסרופן דעם כעס פון די ארבעטער.

די סאָציאַליסטן האָבן אין אָנפאַנג אין די סטרייקס קיין דירעקטן אָנטייל ניט גענומען. זיי האָבן בלויז אויסגענוצט די געלעגנהייט פאַר סאָציאַליס־טישער פּראָפּאגאנדע און אַגיטאַציע.

אויף די מאַסמיטינגען, וואָס די סאָציאַליסטן האָבן גערופן און וואו סאָציאליסטן זיינען ארויסגעטראָטן, איז שטענדיק געוואָרן אונטערגעשטראָכן די נוצלאָזיקייט צו געברויכן „גוואַלד־מיטלען" אין די סכסוכים מיט קאַפּיטאַל. עס איז בלויז געוואָרן אָנגעוויזן אויף דער נויטווענדיקייט פון אַן אָרגאַני־זירטער, רואיקער און פּלאַנמעסיקער טעטיקייט מצד די ארבעטער.

אין פילאדעלפיע זיינען צוזאמענגערופן געוואָרן צוויי מאַסמיטינגען „אויסצודריקן סימפּאַטיע מיט די סטרייקערס, אָבער אויך ענערגיש צו דער־קלערן, אַז מען איז קעגן יעדער צעשטערונג פון אייגנטום".

אין ניו יאָרק זיינען פאָרגעקומען צוויי מאַסמיטינגען אויף טאמפּקינס סקווער און אין קופּער אינסטיטוט. צו די מיטינגען זיינען געקומען צוועלף

טויזנט מענטשן, וועלכע זיינען געווען אַדרעסירט פון דזשאָן סווענטאָן אין ענגליש און פון אלעקסאנדער יאָנאַס, רעדאקטאָר פון דער דייטשער „ניו־יאָרקער פאָלקס־צייטונג", און אָטאָ וועלטהער אין דייטש.

עס זיינען אָנגענומען געוואָרן רעזאָלוציעס „צו פאָרמירן אַ פּאָליטישע פּארטיי מיט א פּלאַטפאָרם אין הסכם מיט די נאַטירלעכע רעכטן פון די אר־בעטער און מיט דעם צוועק דורכצופירן געזעצן קעגן מאָנאָפּאָליעס, וועלכע אונטערדריקן דאָס פאָלק".

אין שיקאגא איז די סטרייק־באַוועגונג, נאָכדעם ווי זי האָט זיך שוין אָנגעפאנגען, געוואָרן דירעקט אָנגעפירט פון דער נעשאָנאַל עקזעקוטיוו פון דער עס־על־פּי. די הויפּט־אַגיטאַטאָרן אין שיקאגא זיינען געווען פיליפּ פאָן פּעטען, גענעראַל סעקרעטער פון דער פּאַרטיי, און די שוין־פריער דערמאָנטע שילינג און אלבערט ר. פּאַרסאָנס.

דער צופלאַקערטער קאַמף צווישן ארבעט און קאַפּיטאַל האָט געבילדעט אַ פרוכטבאַרן באָדן פאַר דער סאָציאַליסטישער ארבעטער פּאַרטיי און זי האָט אין דעם ערשטן יאָר פון איר עקזיסטענץ געמאַכט אַ גרויסן שריט פאָר־ווערטס. זי האָט אַראָנזשירט גרויסע לעקטשור טורס איבערן לאַנד. זי האָט איינגערופן מאַסמיטינגען, אָרגאַניזירט גאַסן־דעמאָנסטראַציעס, א. א. וו. אָבער נאָך גרעסער ווי אַ מינדלעכע האָט זי פאַנאַנדערגעוויקלט אַ שריפט־לעכע פּראָפּאגאנדע פארן סאָציאַליזם.

אין דעם יאָר 1876־77 זיינען געוואָרן ארויסגעגעבן 24 סאָציאַליסטישע צייטונגען אויף פאַרשידענע שפּראַכן. דאָרטן איז דיסקוטירט און באלויכטן געוואָרן דאָס פּראָגראם און די פּרינציפּן־דערקלערונג פון דער עס־על־פּי.

אָבער גלייך נאָך דעם ערשטן יאָר האָבן זיך אין דער פּאַרטיי אָנגעהויבן סכסוכים און רייבונגען איבער פּרינציפּיעלע און טאַקטישע פראגן. מאַנכע האָבן געלייגט די הויפּט־געוויכט אויפן עקאָנאָמישן קאַמף. אַנדערע ווידער האָבן מערער געהאַלטן פונם פּאָליטישן קאַמף. עס זיינען אויך געווען אזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז די הויפּט צוועקן פון דער פּאַרטיי דאַרפן זיין אויפ־קלערונג און פּראָפּאַגאַנדע פארן סאָציאַליזם און אַז מען באַדאַרף זיך דערוויל איינגאַנצן אָפּהאַלטן פון נעמען אַן אַקטיוון אנטייל אין די פראַגן פון טאָג.

מיר האָבן דאָ דערמאָנט אַלעקסאַנדער יאנאס. עס איז איצט גראד געוואָרן אכטצן יאָר נאָך זיין טויט*) און מיר האַלטן פאַר אונדזער פליכט

*) ער איז געשטאָרבן דעם 29טן יאַנואַר 1912.

צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן אָט דעם מערקווירדיקן טוער און פירער פון דער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע.

אַלעקסאַנדער יאָנאַס איז אַלס יונגער רעוואָלוציאָנער אין זיין היים, דייטשלאַנד, געווען א תלמיד און אַ שטאַרקער חסיד פון דעם באַרימטן „אַכט און פערציקער" יאָהאַן יאַקאָבי וואָס האָט מיט רעכט געקראָגן דעם טיטול: „אַלט מייסטער פון דער דייטשער דעמאָקראַטיע". די פּרייסיש-דייטשע רעאַקציע אונטער דעם „בלוט און אייזן" קאַנצלער ביסמאַרק, האָט אים געצוואונגען צו פאַרלאָזן זיין היימלאַנד און עמיגרירן קיין אַמעריקע, וואו ער האָט געקאָנט פריי פאָרטזעצן זיין שריפטשטעלערישע און סאָציאַליס-טישע אַרבעט. יאָנאַס איז געווען אַ גלענצנדער שרייבער. ער איז געווען פאַררעכנט אַלס איינער פון די שענסטע און קרעפטיקסטע סטיליסטן אין דער דייטשער שפּראַך. ער איז אויך געווען אַ מערקווירדיקער רעדנער, וועלכער האָט מיט זיין זאַכלעכקייט און אויפריכטיקייט געפאַנגען זיינע צוהערער.

ערב זיין אָפּפאָרן פון דייטשלאַנד איז ער געווען דער פאָרזיצער פון דעם ערשטן מיטינג, וואָס אויגוסט בעבעל און ווילהעלם ליבקנעכט האָבן אָפּגעהאַלטן אין בערלין.

ווען ער איז געקומען קיין אַמעריקע האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און זעל אין דער אַרבעטער באַוועגונג, וועלכע האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען, אָבער וואָס איז נאָך געווען געגליכן צו אַן עמבריאָ, וועלכע נעמט יעדע וואָך אַן אַ ניי פאָרם און א נייעם אויסזען.

אויף זיין גורל איז אויסגעפאַלן צו טאָן פּיאָנערן אַרבעט. אים איז אויסגעקומען צו באַשאַפן דעם גוף פון דער באַוועגונג און אריינבלאָזן אין איר אַ נשמה. ער האָט אָבער דערפילט זיין אויפגאַבע מיט גרויס ליבע. ער האָט ליב געהאַט און האָט פאַרגעטערט די אידעאַלן פון דער אַרבעטער באַוועגונג אין יענער צייט — די אידעאַלן פון אמת, צדק און יושר. יאָנאַס איז געווען אַ גרויסער עסטעטיקער, הן אין שרייבן, הן אין ריידן, און ער האָט זיין גאַנצן לעבן געווידמעט דעם „שיינעם און דעם גוטן".

אין 1877 האָט ער געגרינדעט די דייטשע „פאָלקס-צייטונג", וואו ער איז עטלעכע מאָל געווען דער הויפּט רעדאַקטאָר און אַלע מאָל געווען דאָרטן דער פירנדיקער גייסט.

אַלעקסאַנדער יאָנאַס איז אויך געווען דער ערשטער און דער בעסטער לערער אין סאָציאַליזם פאַר די אַריבערגעקומענע עם-עולמניקעס, פון וועלכע עס האָבן זיך שפּעטער אויסגעקריסטאַליזירט די פירער און די טאָנגעבער אויף דער יידישער אַרבעטער-גאַס דאָ אין אַמעריקע.

די סאָציאַליסטישע ארבעטער־פּאַרטיי איז געווען די ערשטע סאָציאַ־ליסטישע פּאַרטיי אין די פּאַראייניקטע שטאַטן. דאָס איז געווען דער ים, וואוהין עס האָבן זיך אריינגעגאָסן די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע שטראָמען, טייכן און טייכעלעך, וועלכע האָבן שוין פריער עקזיסטירט אין די פאַר־שידענע סטייטס און שטעט פון לאַנד.

די פריערדיקע סאָציאַליסטישע גרופּן זיינען ניט געווען פון איין פאַרב, פון איין שאַטירונג. די ציגל, פון וועלכע דער בנין פון דער סאָציאַליסטישער לייבאָר פּאַרטיי איז אויפגעשטעלט געוואָרן, איז ניט געווען אויסגעקנאָטן פון איין און דעם זעלביקן מאַטעריאַל. דאָס מאַטעריאַל איז געקומען פון פאַרשידענע ערטער, פון פאַרשידענע נאַציעס מיט פאַרשידענע רעוואָלו־ציאָנערע טעמפּעראַמענטן, טראַדיציעס, באַגריפן און נייגונגען. וואָלט דאָס נאָך ניט געווען אַזאַ אומגליק, איז דאָך יעדע אינטערנאַציאָנאַלע באַוועגונג אַ רעזולטאַט פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע גרופּן און טעמפּעראַמענטן. דער הויפּט חסרון איז געווען, וואָס די פריערדיקע פאַרשידענע ריכטונגען האָבן זיך ניט אויסגעמישט אין איין איינהייטלעכער באַוועגונג, זיי זיינען בלויז מעכאַניש איינגעבונדן געווען אין דער סאָציאַליסטישער ארבעטער פּאַרטיי, אָבער זיי האָבן זיך אין איר ניט כעמיש אויפגעלייזט. בײַ דער גרינדונג פון דער פּאַרטיי זיינען אין איר אריין ניט וויניק עלעמענטן, בײַ וועמען דער סאָציאַליזם איז געווען מטושטש, נעפּלדיק. זיי האָבן ניט געהאַט קיין קלאָרן באַגריף פון די ארבעטער און ארבעטס־אידעאַלן. זיי האָבן געטריבן אין דער פּאַרטיי אומקלאָרע, אומבאַשטימטע, ראָמאַנטיש־רעוואָלוציאָנערע איבער־לעבונגען און שטימונגען. זיי האָבן ניט געקאָנט אונטערשיידן סאָציאַליזם און אַנאַרכיזם, רעוואָלוציאָנערע ווערטער פון רעוואָלוציאָנערע טאַטן. אין דער פּאַרטיי האָט זיך דאָס ניט אויסגעפרעסט, דוקא פאַרקערט. די פאַר־שידנאַרטיקייט פון דיינקען און טאָן האָט זיך נאָך מער בולט ארויסגעוויזן.

די פאַרשידענע סאָציאַליסטישע און אַנאַרכיסטישע עלעמענטן האָבן צוליב דעם נייעם פראָנט ניט אויפגעגעבן זייערע פריערדיקע פּאָזיציעס, נאָר פאַרקערט, האָבן זיך נאָך מער אָנגעפּאַנגען אין זיי צו באַשעפטיקן. אויף דעם אופן איז די סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי געווען אַ דור הפלגה, אַ מישמאַש פון פאַרשידענע עלעמענטן, וועלכע האָבן גערעט אויף פאַרשידענע שפּראַכן און האָבן געשלעפּט דעם פּאַרטיי־באַגאַזש אויף פאַרשידענע וועגן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן רייבונגען, מחלוקות, פריער פּרינציפּיעלע, שפּעטער, ווי דער שטייגער איז, פּערזענלעכע, וועלכע האָבן איר אָפּגעשוואַכט און שפּע־טער איר געמאַכט פּרוכטלאָז, ביז פון איר איז געוואָרן אַ תל.

די הויפּט צרה איז געווען, וואָס די סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי איז ניט אַרויסגעוואַקסן פון דעם באָדן, וואָס רופט זיך „די אַמעריקאַנישע ווירקלעכקייט". וואָלט דאָס געווען דער פאַל, וואָלטן די פאַרשידענע שטרע־מונגען זיך געמוזט אויסמישן, ווי פאַרשידנאַרטיק זיי זאָלן ניט האָבן געווען. די אַמעריקאַנישע ווירקלעכקייט איז געווען איין זאַך און די פּאַרטיי — אַ צווייטע זאַך. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז דאָס פּאַרטיי־וואַסער איז ניט געווען קלאָר, נאָר מוטנע, ווי מוטנע עס זיינען פריער געווען אין מאַנכע מוחות פון אירע גרינדער און טוער די רעוואָלוציאָנערע אויפגאַבן פונם אַרבעטער־קלאַס.

און נאָך וואָס:

אין אַנדערע לענדער איז דער סאָציאַליזם געווען ענטוועדער דער פאָ־טער פונם טרייד־יוניאָניזם, אָדער דאָס קינד. אין ביידע פאַלן זיינען די ביידע טיילן פון דער אַרבעטער באַוועגונג, די פּאָליטישע און די עקאָנאָמישע, צווישן זיך פאַרבונדן און פאַרקניפּט. זיי זיינען צוויי אָרעמס פון איין האַר־מאָנישן גאַנצן אָרגאַניזם. צוויי פאָרמען פון איין אינהאַלט.

דאָ אָבער איז די ענטוויקלונג געגאַנגען אויף אַן אַנדער וועג.

די סאָציאַליסטישע געדאַנקען זיינען נאָך גאַנץ זעלטן געווען אַ פּראָ־דוקט פון דעם אַרבעטערס עקאָנאָמישן קאַמף אין אַמעריקע פאַר אַ בעסערן לעבן; על פּי רוב זיינען זיי געקומען פון דער פרעמד, צוזאַמען מיט די אימיגראַנטן. די טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג האָט זיך דאָ אויסגעגאָסן אין אייגנאַרטיקע, ספּעציפישע פורעמס; זי איז געוואַקסן אָפּגעזונדערט און אַן אַ זייט פונם סאָציאַליזם. זי איז ניט געוואָרן באַפרוכטיקט פון זיין שאַפנ־דיקן כח, זי איז ניט געוואָרן באַליכטן פון זיינע ווייטע אומענדלעכע האָ־ריזאָנטן און פון זיינע צוקונפטס אידעאַלן; זי איז ניט באַנעצט געוואָרן פון זיינע אָפּפרישנדיקע, אויפמונטערנדיקע מאָרגענטוי־טראָפּנס. זי איז אַ טרוקענע, פּראַקטישע באַוועגונג פון היינט און האָט מיטן מאָרגן גאָר ניט צו טאָן.

בשעת די סאָציאַליסטישע אַרבעטער פּאַרטיי האָט זיך קאָנסטיטואירט זיינען די טרייד־יוניאָנס שוין געווען איינגעפונדעוועט; זיי האָבן שוין גע־האָט אָפּגעגאַנגען אַ גאַנצן מהלך. זיי האָבן שוין געהאָט זייערע אייגענע פירער, זייערע וועגווייזער. עס האָבן שוין איבער זיי געוועלטיקט געוויסע טראַדיציעס, געוויסע איינגעוואָרצלטע באַגריפן.

די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און די טרייד־יוניאָנס זיינען אין אַמעריקע ניט געווען אָרגאַניש צוזאַמענגעוואַקסן. זיי זיינען געווען ווייט איינע פון די אַנדערע. זיי זיינען ניט אַרויסגעוואַקסן פון איין וואָרצל און האָבן זיך

ניט געשפּייזט אויף איין באָדן. דאָס זיינען געווען צוויי זעלבסטשטענדיקע, אומאָפּהענגיקע איינע פון די אנדערע כחות. זיי האָבן ניט מאַרשירט צו־זאַמען אויף איין וועג, נאָר אָפּגעזונדערט און אויף פארשידענע דרכים. דאָס זיינען געווען פאַרשידענע עלעמענטן, וועלכע האָבן ניט געהאַט איינע צו די אַנדערע אַ נייגונג, אַ צוציאונג. פאַרקערט, זיי האָבן געהאַט די טבע זיך אָפּצושטויסן, דערווייטערן איינע פון די אַנדערע. עס איז שטענדיק געלעגן אַ תחום צווישן זיי.

די סאָציאַליסטישע ארבעטער פּארטיי האָט געזוכט צו בויען א בריק איבערן אָפּגרונט, וואָס האָט איר אָפּגעטיילט פון די טרייד־יוניאָנס. אָבער דאָס האָט זיך איר ניט איינגעגעבן. יעדע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס שטיצט זיך ניט אויפן עקאָנאָמישן קאַמף פונם אַרבעטער־קלאַס, וואָס קען ניט צוזאַמענבינדן די צוקונפט מיט דער געגנוואַרט, וואָס קען ניט וועבן די אידעאַלן פון מאָרגן מיט די פעדים פון היינט, איז אָפּגעמשפּט צום אונטערגאַנג.

די סאָציאַליסטישע ארבעטער פּארטיי, וואָס האָט ניט געשאַפן די טרייד־יוניאָן באַוועגונג און איז ניט געווען אַ פּראָדוקט פון איר, האָט דעריבער בלויז געשפּילט אַ גרויסע היסטאָרישע ראָלע אין דער ארבעטער באַוועגונג, איז אָבער ניט געווען און האָט ניט געקענט זיין דער פורעם, דער לייכטנ־דיקער זייל, וואָס זאָל ווייזן דעם וועג צו דעם פאַרשפּראָכענעם לאַנד.

איידער מיר גייען איבער צו דער געשיכטע פון דער „עס־על־פּי" און צו דעם באַדייט פאַר דער ארבעטער באַוועגונג פון איר טאַלאַנטפולן טעאָרע־טיקער און פירער דעניעל דע־ליאָן, מוזן מיר זיך אָפּשטעלן אויף אַ פּאָר אַנדערע קאַפּיטלעך פון דער אַמעריקאנער אַרבעטער באַוועגונג.

# די גרינדונג פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי אין אמעריקע

אין פּאַריקן אַרטיקל האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף די פּאַרשיידענע טעאָרעטישע (און במילא אויך פּאַקטישע) אונטערשיידן צווישן די סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן. די אונטערשיידן צווישן אָט דיביידע שטרעמונגען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג האָבן גע־פירט און פירן נאָך עד היום צו גאַנץ גרויסע סכסוכים, און עס איז כדאי, מיר זאָלן פּאָרטזעצן אונדזער אַנאַליז, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן.

איבערצייגט, אַז דאָס מענטשלעכע צוזאַמענלעבן איז ניט אַ זאַך, וואָס אַנטוויקלט זיך לויט געוויסע געזעצן און קאָן במילא דורך געוויסע טאָטן אויף אַמאָל ווערן איבערגעאַנדערשט, האָבן די אַנאַרכיסטן אויך פון עקאָ־נאָמישן קאַמף געהאַלטן בלויז אויף אַזויפיל, אויף וויפל ער רעוואָלוציאָ־ניזירט די אַרבעטער און עפנט זייערע אויגן צו זען די אומגערעכטיקייט פון אונדזער היינטיקער אָרדענונג. זיי האָבן אָבער דאָס ניט געהאַלטן פאַר אַ ראַדיקאַלן מיטל אויף אַן אמת אויסצובעסערן די לאַגע. דאָס איז „אַפּאַליאַטיוו", אַ האַלבע רפואה — האָבן זיי געטענהט. אגב איז באַ זיי דער וועג פון לאַנגזאַמע, פּאַמעלעכדיקע אויסבעסערונגען געווען אַ צו־לאַנגווייליקער. זיי האָבן ניט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן אויף די רעזולטאַטן פון אָט דער „רעפאָרם־פּאָליטיק", מיט וועלכער די סאָציאַל־דעמאָקראַטן גיבן זיך אָפּ.

זיינען זיי, די אַנאַרכיסטן, דעריבער געווען קעגן דער סאָציאַליס־טישער טאַקטיק. זיי האָט זיך געוואָלט מיט איין קלאַפּ פּטור ווערן פון היינטיקע צרות, וואָס קומען פון דער סאָציאַלער אומגערעכטיקייט. זיי איז אויסגעקומען, אַז עס איז אַן עבירה די ענערגיע, וואָס מען גיט אויס אויף אַזעלכע זאַכן, ווי אויף די פאָדערונגען פון מער שכירות און וויניקער אַרבעט.

די סאָציאַליסטן האָבן אָבער געזאָגט (און זאָגן נאָך עד היום), אַז דער איבערגאַנג צו אַ נייער געזעלשאַפט קען ערשט קומען דורך אַ ריי

פאַרבאַרייטונגען, און דעריבער זיינען די לאַנגזאַמע אויסבעסערונגען, די רעפאָרמען, נויטיק ניט בלויז ווייל זיי בעסערן אויס די לאַגע פון די אַר־בעטער ה י י נ ט (הגם דאָס איז אויך זייער און וויכטיק), נאָר נאָך מער דערפאַר, וואָס זיי גרייטן צו דעם באָדן פאַרן מאָרגן.

אַלס אינדיווידואַליסטן, וואָס האַלטן, אַז דער אינדיווידיום, דער פּרט, איז אַלץ און אַז יעטווידער איינער דאַרף זיך פון קיין זאַך ניט אָפּזאָגן; אַז ער באַדאַרף געניסן פון לעבן מיט אַ פולער מאָס און ניט איינצאַמען זיינע באַגערן, פאַרלאַנגען און ליידנשאַפטן, זיינען די אַנאַרכיסטן געווען דם שונאים דער רעליגיע, וואָס פאַרשפאַרט דעם מענטשן מיט אַ וואַנט פון לא תעשהס און הייסט אים קוקן אויף ד ע ר וועלט, ווי אויף אַן איבערגאַנגס־צייט, ווי אויף אַ פאָדערהויז, וואָס מען מוז דערכגיין, אום שפּעטער צו דערגרייכן די אמתע וועלט. דעם איינפלוס פון רעליגיע האָבן זיי גערעכנט פאַר אויסערגעוויינלעך שעדלעך און האָבן געהאַלטן פאַר איינער פון זייערע הויפּט־אויפגאַבן צו קעמפן קעגן רעליגיע.

בעת די סאָציאַליסטן זיינען געווען מיט דער מיינונג, אַז רעליגיע איז אַ פּריוואַטע זאַך און יעטווידער איינער מעג דינען אַ גאָט, אויב עס געפעלט אים, האָבן די אַנאַרכיסטן אָנגעגריפן יעדע רעליגיעזע צערעמאָניע, האָבן געטריבן לצנות און האָבן חוזק געמאַכט פון יעדן רעליגיעזן מענטשן.

אין באַצוג צו דער רעליגיע זיינען די פריערדיקע אַנאַרכיסטן געווען ענלעך צו די איצטיקע קאָמוניסטן, וועלכע האַלטן, אַז רעליגיע איז אַן אָפּיום פאַרן פאָלק, אַ מין פאַרשלעפרונגס־מיטל, עס זאָל ניט זען די אמתע אורזאַכן פון זיינע צרות. זיי האָבן דעריבער אויך געהאַלטן, אַז עס ליגט אַ חוב אויף יעדן אַנאַרכיסט צו באַקעמפן די רעליגיע ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך.

ביידע, סיי די אַנאַרכיסטן און סיי די סאָציאַליסטן, קומען זיך צוזאַ־מען אין איין פונקט, און דאָס איז אין זייער קריטיק אויף די היינטיקע פאַראָנדקעס. זיי אַלע זיינען מסכים, אַז דער היינטיקער שטאַט איז ניט צוגעפּאַסט צו די באַדערפענישן פון די מענטשן און אַז ער דאַרף דעריבער באַזייטיקט ווערן.

אָט דער אַלגעמיינער פונקט, די אומצופרידנקייט מיט דעם היינטיקן קאַפּיטאַליסטישן שטאַט, איז געווען די הויפּט־זאַך באַם לייגן דעם פונ־דאַמענט פון דער סאָציאַליסטישער פאַרטיי, וואו עס זיינען אין אָנפאַנג אַריין אי סאָציאַליסטיש־ אי אַנאַרכיסטיש־געניגטע עלעמענטן.

נאָך דעם האָניק־חודש, ווען דער ערשטער ענטוזיאַזם איז פאַריבער און מען האָט באַדאַרפט צוטרעטן צו פּראַקטישער אַרבעט, האָבן זיך

אָנגעפּאַנגען בולט אַרויסצואווייזן די אונטערשיידן צווישן די פּאַרשיי־
דענע ריכטונגען און רייבונגען, וועלכע האָבן געפירט צו מחלוקות, אין
אָנפאַנג פּרינציפּיעלע, דערנאָך פּערזענלעכע.

אויף דער קאָנווענשאָן פון דער עס־על־פּי אין אַלעגהעני, 1879, האָט
זיך שוין געמערקט אַ בורעניגע צווישן די מעסיקע און ראַדיקאַלע עלע־
מענטן פון דער פּאַרטיי, אַ מין מחלוקה צווישן רעכטן און לינקן פליגל.

די מער ראַדיקאַלע, לינקערע סאָציאַליסטן האָבן אין מאַנכע שטעט
(שיקאַגאָ, סינסינעטי) געהאַט אָרגאַניזירט באַוואָפנטע קרייזן אָונטערן נאָ־
מען: „לעהר און וועהר פאַראיינען". די נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווע פון דער
פּאַרטיי איז געווען קעגן אַזעלכע פאַריינען, כדי דער גרויסער ברייטער
עולם זאָל ניט מיינען, אַז די סאָציאַליסטן ווילן דורכפירן מיט געוואַלד
דאָס, וואָס זיי קאָנען ניט דערגרייכן דורכן באַלאָט.

די חסידים פון די „פאַראיינען" האָבן אויף דער קאָנווענשאָן שטאַרק
געטאַדלט די עקזעקוטיווע פאַר איר קעגנערשאַפט. זיי האָבן זייער טאַדל־
רעזאָלוציע געשטעלט צו אַן אָפּשטימונג. עס איז פאָרגעקומען אַ היציקע
דעבאַטע מכח דעם און די רעזאָלוציע איז מיט אַ קליינער מאַיאָריטעט
געוואָרן אָנגענומען.

ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די רעזאָלוציע צו טאַדלען די עקזעקוטיווע
איז דורכגעגאַנגען, איז פונדעסטוועגן די מערהייט פון דער עס־על־פּי באַ־
שטאַנען פון די מער מעסיקע עלעמענטן, און דער ראַדיקאַל־לינקער פליגל
איז אין אַ קורצער צייט אַרום אַרויס אין אַן אָפענער אָפּאָזיציע קעגן דער
עקזעקוטיווע.

אין נאָוועמבער, 1880, זיינען אַ סך מעמבערס פון די ניו יאָרקער
סעקשאָנס אַרויס פון דער פּאַרטיי און האָבן געגרינדעט אַ „רעוואָלוציאָ־
נערן קלאָב", מיט אַ סאָציאַליסטישער פּראָגראַם, וואָס איז געווען דורכ־
געוועבט מיט אַנאַרכיסטישע פּעדים. די פירער פון דעם קלוב זיינען
געווען דייטשן, לאַסאַלס תלמידים: ווילהעלם האסעלמאַן, אַ געוועזענער
רייכסטאַג אָפּגעאָרדענטער; אַסטיסלאַוו און מ. באַכמאַן. ענלעכע רעוואָ־
לוציאָנערע קלובס, אָדער, בעסער, סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע קלובס, זיינען
אַרויסגעוואַקסן אין באָסטאָן, פילאַדעלפיע און מילוואָקי. דער וויכטיקסטער
„קלוב" פון די אַלע איז געווען אין שיקאַגאָ, וואו די טאָן־געבער זיינען
געווען: פאול גראַטקאָוו, אויגוסט שפּיז און אַלבערט ר. פּאַרסאָנס.

אין אָקטאָבער, 1881, איז אין שיקאַגאָ אָפּגעהאַלטען געוואָרן אַ נאַ־
ציאָנאַלע קאָנווענשאָן פון די „סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע קלובן" און עס

האָט זיך געגרינדעט „די ר ע װ ו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר ע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי״.

דער כאַראַקטער פון דער נייער פּאַרטיי איז נאָך געװען זייער מטושטש, האַלב־סאָציאַליסטיש, האַלב־אַנאַרכיסטיש. אין די מוחות פון די גרינדער האָבן זיך נאָך ניט געהאַט אויסקריסטאַליזירט אין אַ באַשטימטער פאָרמע זייערע ניט־קלאָרע, נעפּלדיקע איבערצייגונגען. עס האָט זיי געפעלט אַ פירער, וואָס זאָל קאָנען קלאָר און דייטלעך פאָרמולירן די פאַרשיידענע פּאַרלאַנגען.

אַזאַ פירער האָט די נייע פּאַרטיי געפונען אין דער פּערזאָן פון דעם דייטשן רעוואָלוציאָנער י אָ ה אַ ן מ אָ ס ט, װעלכער איז אָקאָרשט געקומען קיין אַמעריקע פון ענגלאַנד, וואו ער איז געװען פאַרמשפּט, און טאַקע אָפּגעזעסן 16 מאָנאַטן קאַטאָרגע פאַר אַן אַרטיקל, וואָס ער האָט געשריבן נאָך דעם אַטענטאַט פון די „נאַראָדאָװאָלצעס״ אויף דעם רוסישן צאַר, אַלעקסאַנדער דעם צווייטן.

# דער קאַמף צווישן סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן

מיר האָבן שוין אין פאַריקן קאַפּיטל באַמערקט, אַז אין דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי האָבן זיך אין אַ יאָר אַרום ווי זי איז געגרינדעט געוואָרן, אָנגעהויבן רייבונגען איבער די פראַגן פון עקאָנאָמישן און פּאָליטישן קאַמף און זייער שייכות צו די צוקונפט־אידעאַלן.

אָט די רייבונגען האָבן שפּעטער געפירט צו די גרויסע קאָנפליקטן צווישן סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן.

דאָס זיינען אינטערעסאַנטע בלעטלעך אין דער געשיכטע פון דער אַמעריקאַנישער אַרבעטער־באַוועגונג, און מיר מוזן זיך באַ זיי אָפּשטעלן.

קודם־כל, אַ קליינע הקדמהלע איבער די עיקרים, אני־מאמינס, וואָס טיילן פאַנאַנדער די סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן אין צוויי לאַגערן.

דער סאָציאַליזם גייט אַרויס פון דעם שטאַנדפּונקט, אַז דער כלל, די געזעלשאַפט, איז די הויפּט־זאַך. דאָס צוזאַמענאַרבעטן און חברותא־לעבן פון אַ סך, פון אַ גרויסן קאָלעקטיוו, איז דער בעסטער וועג, וואָס פירט צום מענטשלעכן גליק. וואָס גרעסער די געזעלשאַפט, וואָס שטאַרקער דער בונד, וועלכער פאַראייניקט די יחידים אין אַ כלל, וואָס ענגער, אינטימער און געשלאָסענער די מענטשן זיינען צווישן זיך פאַרבונדן און פאַרקניפּט, אַלץ דערפאַלגרייכער איז דער קאַמף מיט דער נאַטור פאַר דער עקזיסטענץ און אַלץ מער ווערט יעטווידער געניסן פון לעבן. די אָרגאַני־זאַציע פון דער געזעלשאַפט, דער שטאַט, איז אומבאַדינקט נויטיק, און יעדער איינציקער מוז זיך אים אונטערוואַרפן. דאָס איז אין זיינע אייגענע אינטערעסן. דער יחיד מוז דינען דעם כלל, דער אינדיווידואום מוז אויס־פאָלגן די געזעצן פון שטאַט, וואָס ווערן אַרויסגעגעבן פון דער געזעל־שאַפט, אָדער אירע פאַרשטייער.

דער אַנאַרכיזם, פאַרקערט, שטעלט דעם יחיד העכער פון כלל. דער כלל איז ניט מער ווי אַ סומע, אַ סכום פון אומאָפּהענגיקע פרייע יחידים.

דער איינציקער, דער „איך“, איז דער עיקר, און וואָס פרייער דער אינדיווידואום איז אין זיין האַנדלען און וואַנדלען, אַלץ העכער וועט ער זיך דערהויבן אויפן לייטער, וואָס פירט צום ציל פון לעבן.

דער אַנאַרכיזם איז דעריבער קעגן שטאַט, ווייל דער שטאַט אונטער־דריקט און מאַכט ענג דעם מענטשן, דעם אינדיווידואום. והא־ראיה, טענהן די אַנאַרכיסטן, די שטאַטס־געוואַלט האָט אַלעמאָל געדינט אַלס וואָפן אין די הענט פון די שטאַרקע צו אונטערדריקן די שוואַכע. ניט אין גרויסע געזעלשאַפטן דאַרפן מענטשן לעבן, נאָר אין קליינע געמיינדעס און קאָמונעס, וועלכע קאָנען מיטן פרייען ווילן אַריינקומען צווישן זיך אין פרייע, ניט־געצוואונגענע באַציאונגען.

דער מענטש איז בטבע אַן אינדיווידואַליסט, און וואָס גרעסער עס איז די געזעלשאַפט, וואָס שטאַרקער און צענטראַליזירטער עס איז דער שטאַט, אַלץ ווייניקער וועלן זיך קאָנען אַנטוויקלען די אינדיווידועלע ביי־גונגען, פייאיקייטן און פאַרלאַנגען.

די סאָציאַליסטן ענטפערן דערויף, אַז די מענטשלעכע נאַטור גופא איז ניט אַלעמאָל די זעלביקע. זי איז אַ רעזולטאַט פון דער סביבה, וואו דער מענטש לעבט און ווערט אויסגעהאָדעוועט. אין דער היינטיקער סיס־טעם, וואָס איז געשטיצט אויף פריוואַט־אייגנטום, וואו עס ווערן פון קינדווייז אָן איינגעפלאַנצט אין מוח די באַגריפן פון „מיינס“ און „דיינס“, וואו עס הערשט אַ קאָנקורענץ, אַ „קאַמף פון אַלע קעגן אַלע“, וואו קיינער איז ניט זיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג, וואו, אום צו האָבן אויף דער חיונה איז מען געצוואונגען זיך צוזאַמענצושטויסן מיט אַנדערע — אין אַזאַ סיסטעם אַרבעט זיך אויס באַם מענטשן אַן אינדיווידואַליסטישע נאַטור, אַן אינדיווידואַליסטישע פסיכאָלאָגיע און אַן אינדיווידואַליסטישער כאַראַק־טער.

אונטער אַ סיסטעם פון קהלשן, קאָלעקטיוויסטישן אייגנטום, וואו די מתנות פון דער נאַטור און די פּראָדוקטן פון מענטשלעכער אַרבעט וועלן באַלאַנגען ניט צו איינצלנע, נאָר צום גאַנצן כלל, וועט די סביבה זיין דורכגעדרונגען מיט די אינטערעסן פון כלל, און דער מענטש וועט ווערן דערצויגן ניט אַלס אַ וועלט פאַר זיך, נאָר אַלס אַ שותף צו די עסקים פון כלל. זיין כאַראַקטער וועט זיין אַ געזעלשאַפטלעכער, זיין פסיכאָלאָגיע אַ קאָלעקטיוויסטישע, זיין נאַטור אַ סאָציאַליסטישע.

עס איז אמת, זאָגן די סאָציאַליסטן ווייטער, אַז דער שטאַט איצט און ביז איצט איז געוואָרן אויסגענוצט פון די שטאַרקע קעגן די שוואַכע, אָבער דאָס איז בלויז דערפאַר, וואָס די געזעלשאַפט איז צעשפּאָלטן אויף

קלאַסן און די שטאַטס־געוואַלט ליגט אין די הענט פון איין קלאַס, פון דעם שטאַרקערן. אין אַ סאָציאַליסטישער אָרדענונג, וואו די געזעלשאַפט וועט ניט זיין אַ קלאַסן־געזעלשאַפט, נאָר וועט באַשטיין פון עקאָנאָמיש און פּאָליטיש גלייכע מענטשן, וועט דער שטאַט דינען אַלעמען גלייך און וועט זיין אַ גרויסע מזל־ברכה פאַר די מענטשן.

די אַנאַרכיסטן זאָגן, אַז דער שטאַט איז געווען, איז איצט און וועט זיין אַן אונטערדריקונגס־מיטל. די סאָציאַליסטן זאָגן: דער שטאַט איז אַ מיטל צו אונטערדריקן דעם שוואַכן איצט; אין דער צוקונפט, אונטער סאָציאַליזם, וועט ער זיין אַ גליק, ער וועט דינען אַלס אַ געווער ניט צו הערשן איבער אַנדערע מענטשן, נאָר צו באַהערשן די ניט־נאָכגיביקע נאַטור.

די אַנאַרכיסטן זיינען דעריבער קעגן שטאַט בכלל, אין אַלע צייטן אונטער אַלע באַדינגונגען. די סאָציאַליסטן זיינען קעגן דעם איצטיקן, דעם ק ל אַ ס ן ־ש ט אַ ט, און זייער אויפגאַבע איז ניט צו באַזייטיקן דעם שטאַט, נאָר אים איבערצובויען אויף אַנדערע יסודות.

אַרויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז דער מענטש איז בטבע אַן אינ־דיווידואַליסט און אַז ער וועט אַלע מאָל אַזוי זיין, האַלטן ניט דעריבער די אַנאַרכיסטן פון דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ: אחרי רבים להטות (מאַדזשאָ־ריטי רולס). די מאַיאָריטעט איז ניט קליגער און גערעכטער פון דער מינאָריטעט און זי האָט ניט קיין מאָראַלע רעכט אַרויפצוצווינגען אירע געזעצן אויף דער מינדערהייט. אַלע גרויסע איבערקערענישן אין דער געשיכטע האָבן זיך אָנגעהויבן פון דער מינאָריטעט, און ווען די מינאָרי־טעט וואָלט ניט רעבעלירט, וואָלט די מענטשלעכע געזעלשאַפט קיינמאָל ניט פּראָגרעסירט. זי וואָלט געוואָרן פאַרגליווערט אויף איין פּונקט און וואָלט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ שטייענדיקן וואַסער. איינציקע יחידים שאַפן געשיכטע און זיי טאָרן ניט ווערן אונטערדריקט.

זאָגן די סאָציאַליסטן, אַז ניט איינציקע, ווי גרויס און געניאַל זיי זאָלן ניט זיין, מאַכן געשיכטע, נאָר, פאַרקערט, די געשיכטע רופט אַרויס די איינציקע, די גרויסע, די העלדן און די מינאָריטעט קאָן בלויז דעמאָלט האָבן אַ באַדייטונג, ווען זי פאָדערט דאָס, וואָס עס איז אין הסכם מיט די אינטערעסן פון דער מאַיאָריטעט.

לויט די סאָציאַליסטן (סאָציאַל־דעמאָקראַטן) איז די אויפגאַבע פון יעדער מינאָריטעט צו וואַרטן אַזוי לאַנג, ביז די מאַיאָריטעט וועט ווערן איבערצייגט אין דער אמתדיקייט פון אירע אידייען. דאָס קאָן ווערן געטאָן דורך אַגיטאַציע און פּראָפּאַגאַנדע, דורך דעם, וואָס מען וועט דערציען

די מאַסן פּאָליטיש, זיי זאָלן נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם פּאָליטישן געראַנגל.

די אַנאַרכיסטן זאָגן אָבער, אַז די מינאָריטעט אַליין האָט אַ רעכט צוצושניידן דאָס לעבן פאַר זיך אַליין, ווי זי געפינט פאַר נויטיק, און מען דאַרף ניט וואַרטן ביז די מאַיאָריטעט וועט קומען צום זעלביקן באַשלוס.

דאָס אָנטייל נעמען אין פּאָליטישן קאַמף איז אַן אומזין, ווייל דאָס שוואַכט אָפּ די רעוואָלוציאָנערע ענערגיע, — זאָגן די אַנאַרכיסטן. דער שטים־קאַסטן פאַרבלענדט בלויז די אויגן און ברענגט קיין נוצן ניט. אויב די מאַיאָריטעט האָט ניט קיין מאָראַלע רעכט צו רעגירן, דאַרף מען זיך ניט קוואַפּענען צו ווערן די מאַיאָריטעט. דער גאַנצער פּאַרלאַמענטאַריזם, וואו עס קומט פאַר אַ געראַנגל פאַר דער מאַיאָריטעט, איז ניט נאָר איבעריק, נאָר אויך שעדלעך.

בקיצור:

די אַנאַרכיסטן זיינען קעגן שטאַט, קעגן פּאָליטישער אַקציע און קעגן שטים־קאַסטן.

די סאָציאַליסטן זיינען פאַרן שטאַט, פאַר פּאָליטישער אַקציע און פאַרן שטים־קאַסטן.

ניט דער שטים־קאַסטן איז דער וועג אויסצובעסערן די לאַגע, לויט די אַנאַרכיסטן, נאָר איינציקע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען. אַנשטאָט פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע דאַרף מען אָנווענדן פּראָפּאַגאַנדע דער טאַט.

# דער אָנהויב פון דער אידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג

אָן כעס און אָן האַס גיי איך איצט אויסגראָבן אַ קאַפּיטל געשיכטע פון דער פאַרגאַנגענהייט. אָן חרטה און אָן נצחון וועל איך אויפמישן אַ בלעטל פון דער היגער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אויף וועלכער מיין קליינינקייט און מאַנכע פון מיינע עקס־פריינט און מיטאַרבעטער, אויב איר ווילט, מיטקעמפער, האָבן געשריבן מיט העכער צוואַנציק יאָר צוריק, ווען אַלץ איז נאָך געווען אַזוי פריש, אַזוי גרין און אַזוי יונג; ווען דער גלויבן אין דעם באַלדיקן זיג פון אונדזערע אידעאַלן איז געווען פעסט; ווען די האָפענונג צו זען אין דער נאָענטער צוקונפט די פאַרווירקלעכונג פון אונדזערע טרוימען איז געווען אַזוי שטאַרק.

ניט איין וואַסער איז זינט דעמאָלט אוועקגערונען. פערזאָנען און באַציאונגען האָבן זיך געענדערט. פון נאָענטע פריינט איז מען געוואָרן פאַרביסענע קעגנער. פון איין מאַרשרוט האָט מען זיך אָפּגעקערט אויף פאַרשיידענע, אַנטקעגנגעזעצטע וועגן און ריכטונגען. פון האַרציקע, טיפמענטשלעכע באַציאונגען האָט אָנגעהויבן צו ווייען אַן אָפּגעפרעמדקייט, אַ קאַלטקייט, און איינער קוקט אויפן אַמאָליקן חברס ליידן און פריידן, אויף זיינע דערפאָלגן און מפּלות, מיט דער גרעסטער גלייכגילטיקייט, אויב ניט נאָך ערגער.

עס איז ניט קיין דאַנקבאַרע אויפגאַבע אויפצודעקן פאַרן זייטיקן עולם אַ באַהאַלטענעם, פאַרבאָרגענעם פון אים ווינקל, אין וועלכן מען האָט געלעבט אַליין, און אַנדערע, וועלכע לעבן נאָך... אַן אינטים ווינקל אין דער נשמה איז אַזוי ווי אַן אַלטע וואונד, און עס גלוסט זיך איר ניט אפילו אויסוואַשן און איבערבינדן. עס ווילט זיך די אומאַנגענעמע אַרבעט אַלץ אָפּלייגן אויף שפּעטער אָדער אינגאַנצן זיך פון איר אַרויסמאַכן.

די אַרבעט איז אָבער אַ נויטווענדיקייט און ווי פּריקרע זי זאָל ניט זיין, מוז מען זיך פּאָרט נעמען דערצו, איבערהויפּט ווען אונדזער צייטרעכענונג ווערט איינגעטיילט אין יובילייס און יאָרצייטן, וועלכע פאָדערן פון אייך צו דערציילן אויב ניט אַלץ, טאָ לכל הפחות אַ טייל פון דעם, וואָס איר ווייסט פון זיך און פון אַנדערע, וועלכע האָבן געשפּילט אַ גרעסערע אָדער קלענערע ראָל אין דער פּאַסירונג, וואָס מען יובלט איצט.

זאָלן מיינע ווייטערדיקע ווערטער ניט ווערן אויסגעטייטשט אַלס עדות זאָגן, מיט דער כונה עמיצן אָנצוקלאָגן און זיך גערעכט צו מאַכן, נאָר אַלס אַ ווידער־קול פון האַלב־פאַרגעסענע קלאַנגען, וועלכער רייסט זיך איצט בשעת חדוה פון זיין פאַרשטעקטן אָרט דרויסן, אפשר וועלן אָט די קלאַנגען וועמען עס איז, וואָס וועט האָבן אַ חשק זיך צו גראָבן אין אַן אַלטן גרינעם בערגל, פון וועלכן עס איז געוואָרן שטויב, צונוצקומען. פאַר־צייכנט צו ווערן פאַרדינען זיי יעדנפאַלס.

## די גרינדונג פון דער יידישער אַגיטאַציע־ביוראָ

די אידישע מאַסע איז שטענדיק דאָרשטיק נאָך וויסן, נאָך אויפקלע־רונג. די נשמה יתירה לאָזט קיינמאָל ניט צורו דעם אידישן האָרעפּאַשניק, וועלכער לעכצט נאָך אַ שיין, ריין, ערנסט וואָרט, און האַלט זיך אין איין גריבלען, אין איין פרעגן קשיות.

מיט אַן ערך דריי צענדליק יאָר צוריק האָבן אָנגעהויבן אַהער אַרי־בערקומען מענטשן, וועלכע זיינען אין דער אַלטער היים געשטאַנען נאָענט צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וואָס האָט אָנגעפאַנגען אָנצונעמען אַ מאַסן־כאַראַקטער. מאַנכע האָבן שוין דערשמעקט דעם טעם פון צו זיין אַ מיטגליד אין אַן אונטערערדישן קרייז, וואו מען האָט שטודירט קאָוטסקיס „ערפורטער פּראָגראַם" און באָגדאַנאָווס „עקאָנאָמישע לערע" און אַנדערע ביכער און ביכלעך מיט אַן אויפקלערנדיקן אינהאַלט. אָנגעהויכט מיט רעוואָלוציאָנערע, סאָציאַליסטישע אידייען, האָבן זיי דאָ, אויף דער פרייער ערד און אונטערן נייעם הימל, געהאַט אַ גרויסן חשק פאָרטצוזעצן זייער היימישע זעלבסטבלידונג. אין אַלע שטעט און שטעטלעך האָבן זיך גע־גרינדעט אַרבעטער־רינג ברענטשעס, פּראָגרעסיווע זעלבסט־בילדונג קלובן, ליטעראַריש־דראַמאַטישע פאַראיינען, וואו מען האָט געלייענט און געלערנט און געטאָן קולטור־אַרבעט אויף אַלערליי געביטן. די לעקטאָרס זיינען געווען קאָנצענטרירט הויפּטזעכלעך אין ניו יאָרק. קיין צענטראַל בילדונגס־קאָמיטע האָט נאָך דער אַרבעטער־רינג ניט געהאַט און יעדער ברענטש אין דער

קאָנטרי האָט געמוזט אויפן אייגענעם חשבון און מיט אייגענע כחות אויסשרייבן אַ לעקטאָר, אַ „גדול", פון ניו יאָרק. דאָס, פאַרשטייט זיך, זיינען ניט אַלע ברענטשעס אין דער פּראָווינץ געווען ביכולת צו טאָן. אַראָפּברענגען אַ „גדול" פון ניו יאָרק איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע הוצאות און אַ סך פּאַראײנען און ברענטשעס האָבן באַ זייער בעסטן ווילן און מיט דער גרעסטער אָנשטרענגונג ניט געקאָנט האָבן די זכיה צו האָבן אים כאָטש אויף איין אָוונט אין סעזאָן. זיינען אייניקע געגנאָסן פון סי־ראַקיוז, ראָטשעסטער און באָפאַלאָ געפאַלן אויף דער המצאה צו גרינדן אַ צענטראַלע ביוראָ, וואָס זאָל זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די דער־בייאיקע שטעט פון דער קאָנטרי, פון איין זייט, און מיט די ניו יאָרקער „גדולים", פון דער צווייטער זייט, אַזוי אַז מען זאָל אויסשרייבן אַ לעקטאָר ניט פאַר איין שטאָט און פאַר איין לעקציע, נאָר פאַר עטלעכע שטעט און פאַר עטלעכע לעקציעס מיטאַמאָל. די הוצאות וואָלטן דעמאָלט זיין אַ סך ווייניקער און די ברענטשעס, אפילו די אָרימערע, וואָלטן געקאָנט אויף דעם אופן אויך הערן אַ ניי און באַלערנדיק וואָרט.

מיט 25 יאָר צוריק איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון די געגנאָסן פון די שכנהשע שטעט און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו האָבן אַזאַ צענטער. אַזוי ווי די איניציאַטיווע פון דעם פּלאַן איז געקומען פון די עס־פּי געגנאָסן, וועלכע האָבן געוואָלט האָבן דעם צענטער הויפּטזעכלעך פאַר סאָציאַליסטישע לעקציעס און בכלל פאַר סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע און אַגיטאַציע, איז באַשלאָסן געוואָרן אויף דער ערשטער קליינער קאָנ־פערענץ אַ נאָמען צו געבן דעם צענטער: „יידישע אַגיטאַציע־ביוראָ".

אַלס סעקרעטאַר פון דער אַגיטאַציע־ביוראָ איז אויסגעקליבן געוואָרן מאַקס קויפמאַן, אַ שניידער, אַן ערלעכער, פרומער, ענערגישער געגנאָסע, וואָס האָט געהאַלטן אַן עולם ומלואו פון די ניו יאָרקער געגנאָסן און האָט געוואָלט, אַז אויך די קאָנטרי געגנאָסן זאָלן הנאה האָבן פון זייערע רעדעס און לעקציעס.

## אַנטווישונג פון די עסקנים אין דער אַגיטאַציע־ביוראָ

געגנאָסע קויפמאַן האָט זיך נאָך זיין דערוויילונג גענומען צו דער אַר־בעט מיט גרויס חשק און התמדה. ער האָט געשריבן בריוו צו די ברענ־טשעס און צו אייניציקע אָנגעזעענע געגנאָסן, וועמעס אַדרעסן ער האָט נאָר געקראָגן, און זיי געבעטן, זיי זאָלן צושטיין און העלפן דער יידישער אַגיטאַציע־ביוראָ. בטבע אַ כתבן, האָט ער אָנגעפאַנגען צו שרייבן פאָלקס־

שטימען אין „פאָרווערטס" און געזוכט דורך זיי צו באַווייזן, ווי ווייט וויכטיק די אַגיטאַציע־ביוראָ איז פאַר דער באַוועגונג. דאָ האָט ער אָבער געהאַט אַן אַנטוישונג. די אַגיטאַציע־ביוראָ איז אין אָנהויב ניט געווען פּאָפּולער, און אין דער רעדאַקציע, הפּנים, האָט מען ניט געוואָלט אָדער ניט געקאָנט געבן צופיל פּלאַץ פאַר אַ זאַך, וואָס מען ווייסט נאָך ניט, וואָס עס וועט דערפון אַרויסקומען. האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקער פּאַריבל. דער סעקרעטאַר און די אַנדערע נאָענטע גענאָסן פון דער אַגיטאַציע־ביוראָ האָבן אין דעם געזען אַ פאַרגעוואַלטיקונג פון „פרייער פּרעסע".

אין די מוחות פון די טוער אין דער יידישער אַגיטאַציע־ביוראָ איז נאָך געווען פריש דער קאַמף, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין די ניינציקער יאָרן אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס קעגן דער דעמאָלט שטאַרקער „עס־על־פּי" און דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון דער פּאַרטיי, „אַבענד־בלאַט", וואָס איז געלעגן, ווי די אָפּאָזיציע האָט זיך באַקלאָגט, אין די הענט פון אַ „קליקע", וואָס לאָזט קיינעם ניט צו צום וואָרט.

## די אישום: פאָלקס־פאַרוואַלטונג און פרייע פּרעסע

„פאָלקס־פאַרוואַלטונג" און „פרייע פּרעסע" זיינען געווען די אישום פון די אינסורגענטן אין דער „עס־על־פּי", און כדי אָט די אישום דורכ־צופירן איז אין 1897, געגרינדעט געוואָרן דער „פאָרווערטס", אַלס אַן אָפּאָזיציע־אָרגאַן קעגן דעם „אַבענד־בלאַט". דער „פאָרווערטס" האָט גע־זאָלט זיין דער אָרגאַן פון אַלע די, וועלכע האָבן געהאַט אַן אַנדער מיינונג פון דעם „עס־על־פּי"־פירער, דע־ליאָן און די דע־ליאָניסטן. ער האָט געזאָלט זיין דער אויסדרוק פון אמתער דעמאָקראַטיע אין דער באַוועגונג, פון פאָלקס־פאַרוואַלטונג און פרייער פּרעסע.

מ. קויפמאַן און די איבעריקע גענאָסן האָבן נאָך געדענקט דעם קאַמף און האָבן אָנגעהויבן צו האָבן טענות צום „פאָרווערטס" פאַרוואָס ער קי־מערט זיך ניט פאַר דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג און פאַרוואָס ער אונ־טערדריקט „פרייע פּרעסע".

די רעדאַקציע פון „פאָרווערטס" האָט געטענהט: פריער שאַפט אַ באַוועגונג און דערנאָך וועלן מיר אייך געבן פּובליסיטי. און די טוער פון אַגיטאַציע־ביוראָ האָבן געשריען: ווי אַזוי קאָנען מיר שאַפן אַ באַווע־גונג, אַז מען אונטערדריקט אונדז, אַז מען דרוקט ניט אונדזערע אויפרופן און אונדזערע צושריפטן?

## די קאָנטרי און ניו יאָרק

בכלל זיינען דעמאָלט די קאָנטרי־געגנאָסן געווען אייפערזיכטיק אויף ניו יאָרק. זיי האָט זיך געדאַכט, אַז ניו יאָרק אונטערדריקט זיי, אַז ניו יאָרק האַלט זיי פאַר „פאַרמערס", וועלכע ווייסן קיין זאַך ניט און פאַר־שטייען קיין זאַך ניט, און עס איז געווען אַ שטענדיקער ברוגז צווישן דער „קאָנטרי" און ניו יאָרק.

ניט געקוקט אָבער, וואָס די אַגיטאַציע־ביוראָ האָט ניט געהאַט גענוג „פובליסיטי", וואָס מען האָט איר „אונטערדריקט", האָט זיך איר אין אַ קורצער צייט איינגעגעבן צו קאָנצענטרירן אַרום זיך כמעט אַלע יידיש־שפּרעכנדיקע עס־פּי ברענטשעס, ניט נאָר פון דער פּראָווינץ, נאָר אויך פון ניו יאָרק, און זי איז אויף דעם אופן געוואָרן דער אַגיטאַציע־צענטער פון די יידישע סאָציאַליסטן אין אַמעריקע.

## די „יידישע אַרבעטער וועלט"

אין יענער צייט האָבן די שיקאַגער געגנאָסן, וואו עס איז געווען אַ רירעוודיקע יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג, געזוכט צו גרינדן אַן איי־גענעם אָרגאַן, אויך צוליב דער זעלביקער אורזאַך, וואָס זיי האָבן ניט געוואָלט אָנקומען צו „ניו יאָרק", וואו מען טיילט זיי ניט איין דעם פּלאַץ, וואָס זיי פאַרדינען. אַחוץ דעם זיינען אין שיקאַגאָ געווען איניקע געגנאָסן, כתבנים, וועלכע האָבן זיך געוואָלט דורכרעדן און אויסטענהן אויפן פּאַפּיר.

די שיקאַגער געגנאָסן האָבן אין אָנפאַנג געגרינדעט אַן אייגן בלעטל („דער נייער דור", דאַכט מיר, האָט ער זיך גערופן); דאָס בלעטל האָט אָבער געטראָגן אַ ריין לאָקאַלן כאַראַקטער. קיין שרייבער האָט עס ניט געקאָנט צוציען און האָט ניט געהאַט קיין אריכת ימים.

אין אַן אייגענעם יידישן סאָציאַליסטישן אָרגאַן האָט מען זיך אָבער אין שיקאַגאָ שטאַרק גענויטיקט און אין יולי, 1908, האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען די וועכנטלעכע „יידישע אַרבעטער וועלט" מיט אַ גאַנץ ברייטן פאַרנעם.

אין ניו יאָרק האָט מען אָנגעהויבן צו קוקן קרום אויף דער „יידישער אַרבעטער וועלט" און די שיקאַגער געגנאָסן אַלס פּאַטריאָטן פון דער יידישער אַרבעטער וועלט", פלעגן שטאַרק אָנגרייפן אין וואָרט און שריפט „ניו יאָרק", „וואָס טוט גאָרניט פאַר דער באַוועגונג און וויל נאָר זיין דער זעלבסטהערשער".

## דער שידוך צווישן דער „יידישער אַרבעטער וועלט" און דער אַגיטאַציע־ביוראָ

אַזוי ווי די יידישע אַגיטאַציע־ביוראָ האָט זיך געגרינדעט אין אַן אָרגאַן און „די יידישע אַרבעטער וועלט" האָט זיך געגרינדעט אין מאַטע־ריעלער און מאָראַלער שטיצע, איז געשלאָסן געוואָרן צווישן זיי ביידן אַ שידוך. „די יידישע אַרבעטער וועלט" איז געוואָרן דער אָפיציעלער אָרגאַן פון דער יידישער אַגיטאַציע־ביוראָ און דער סעקרעטאַר פון דער יידישער אַגיטאַציע־ביוראָ, מאַקס קויפמאַן, האָט זיך איבערגעפּעקלט קיין טיקאַגאָ, וואו ער האָט, אגב אורחא, שטאַרק געליטן דחקות, ווייל קיין ווידזשעס איז ניט געווען פון וואַנען צו צאָלן און קיין אַרבעט האָט ער ניט געקאָנט אָננעמען, ווייל די ביוראָ האָט צוגענומען זיין גאַנצע צייט.

דער „באָס" באַ די יידישע געוואַסן אין שיקאַגאָ איז געווען מאָריס זיסקינד, אַ מענטש מיט אַ „האַלדז", וועלכער פלעגט ציען גרויסע „קראַודס" אויף די „אָפּן־עיר מיטינגען". ער איז געווען זייער אַקטיוו און האָט אַ סך געהאָלפן באַ דער גרינדונג פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט", וואו ער איז געוואָרן דער מענעדזשער.

דער ערשטער רעדאַקטאָר פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט" איז געווען הלל ראָגאָף. עס זיינען דערשינען 14 נומערן און די צייטונג האָט געהאַלטן באַם אונטערגיין. עס איז ניט געווען קיין שלום־בית צווישן דעם מענעדזשער און דעם רעדאַקטאָר און דאָס, פאַרשטייט זיך, האָט קיין גוטס ניט געבראַכט. די צייטונג האָט זיך געהאַלטן באַם שליסן.

איך בין דעמאָלט נאָך געווען אַ גרינער אין ניו יאָרק, וואוהין איך בין געקומען, נאָכן ענדיקן די אוניווערזיטעט, פון דייטשלאַנד אויף דער איינלאַדונג פון מאָריס ווינטשעווסקי, אין נאָמען פון דער דעמאָלט־עקזיס־טירנדיקער „צוקונפט פרעס פעדעריישאָן", איבערצונעמען די וויסנשאַפט־לעכע אָפּטיילונג פון דעם זשורנאַל, וואו איך בין שוין פון פריער געווען אַ מיטאַרבעטער.

## איך ווער דער רעדאַקטאָר פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט"

אין אַ פּאָר חדשים נאָך מיין קומען אין אַמעריקע האָב איך געקראָגן אַן אָנבאָט פון שיקאַגאָ איבערצונעמען די רעדאַקציע פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט". עס זיינען אָנגעגאַנגען פאַרהאַנדלונגען און אַזוי ווי איך האָב שוין פון פריער געוואוסט, אַז אין שיקאַגאָ איז דאָ אימיצער, וועלכער

„באָסעווערט״, איז די ערשטע באַדינגונג מיינע געווען, אַז מען זאָל מיר קודם-כל צושטעלן אַ „דעקלאַריישאָן אָוו אינדיפּענדענס״ אין אַלע רעדאַק־ציאָנעלע ענינים. מען האָט עס מיר גלייך געגעבן, און נאָכדעם ווי איך האָב געקראָגן דעם אָפיציעלן כתב, בין איך געקומען קיין שיקאַגאָ, אַלס רעדאַקטאָר פון דער צייטונג.

מיין פּראָגראַם-אַרטיקל האָט, משמעות, שטאַרק אויסגענומען באַ די געגנאָסן איבערן לאַנד, הגם ניט אין „ניו יאָרק״, און מען האָט זיך אָנגע־הויבן וואַרעם אָפּצורופן אויף דער „יידישער אַרבעטער וועלט״. עס האָבן אָנגעהויבן קומען טשעקס און דערמוטיקונגען מכל תפוצות אַמעריקע און די צייטונג איז פּאַקטיש געוואָרן ד ע ר אָרגאַן פון דער יידישער סאָ־ציאַליסטישער באַוועגונג. אין אַ סך שטעט און שטעטלעך האָבן זיך גע־גרינדעט ספּעציעלע „יידישע אַרבעטער וועלט״ פּאַראיינען, וועלכע זיינען געוואָרן אומזיסטע, איבערגעגעבענע אַגענטורן צו פאַרשפּרייטן די צײ־טונג, מאָנען פאַר איר געלט און מאַכן פאַר איר אונטערנעמונגען, א. אַז. וו. אין שיקאַגאָ גופא האָט די אידעאַליסטישע סאָציאַליסטישע י ו ג ב ט אָפּגעגעבן איר פרייע צייט,אירע אָוונטן און זונטיקס פלעגן די ענטוזיאַסטן גיין פון הויז צו הויז „פּעדלען״ מיט דער צייטונג, איר פאַרקויפן, קלייבן אַדווערטייזמענטס (אָן קאָמישאָן, פאַרשטייט זיך). זיי האָבן געאַרבעט מיט אַ געוואַלדיקער מסירת-נפש, כדי אָנצוהאַלטן די „יידישע אַרבעטער וועלט״, וואָס זיי האָבן באַטראַכט פאַר זייער איינציק קינד, פאַר וועלכן זיי האָבן ניט געקאַרגט קיין געלט און קיין צייט און געבראַכט אַלערליי קרבנות.

## דער זעלבסט-בילדונג קלוב אין שיקאַגאָ

אַ דאַנק דער צייטונג האָט די שיקאַגער באַוועגונג שטאַרק אויפגעלעבט. עס האָט זיך געגרינדעט פון דער יוגנט אַ „זעלבסט-בילדונג קלוב״, וואו עס האָבן אנטייל גענומען די בעסטע, שענסטע און אקטיווסטע עלעמענטן. די „יידישע אַרבעטער וועלט״ פלעגט שטענדיק שטיין אויפן טאָג-אָרדענונג פון קלוב, וועלכער האָט געשטיצט די צייטונג אויף אַלערליי געביטן און מיט אַלע מעגלעכע מיטלען.

באַ מיין אָנקומען אין שיקאַגאָ, אין די פּריוואַטע געשפּרעכן נאָך פאַר דעם אָפיציעלן קבלת-פּנים, האָבן מיר די געגנאָסן געהאַלטן אין איין דער־ציילן, ווי אַזוי „ניו יאָרק״ אונטערדריקט זיי, ווי אַזוי מען וויל אפילו ניט דרוקן די אַדווערטייזמענטס פון דער צייטונג, און אַז די צייטונג וועט מוזן פירן אַ קאַמף קעגן „ניו יאָרק״. צווישן די ראשי המדברים אין אָט די

פריוואַטע געשפּרעכן איז געווען דער דערמאָנטער מענעדזשער פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט", וועלכער איז איצט דער לייבאָר־עדיטאָר פון שיקאַגער „פאָרווערטס", און איינער פון דער באָארד אָוו דירעקטאָרס פון דער צייטונג, וועלכער איז איצט דער הויפּט ביזנעס־מענעדזשער פון „פאָר־ווערטס" דאָרטן.

איך האָב אפילו ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי אייגענע סאָציאַליסטן, מעגן זיי אפילו וואוינען אין ניו יאָרק, זאָלן קאָנען אונטערדריקן אַ סאָ־ציאַליסטישע צייטונג, אָבער מען האָט מיר געוויזן מיט אותות און מופתים, אַז עס איז אַזוי.

אַז די „יידישע אַרבעטער וועלט" האָט אָנגעהויבן צו האָבן אַ דערפאָלג, סיי פינאַנציעל און סיי גייסטיק, איז יז געוואָרן נאָך אַ גרעסערער דאָרן אין די אויגן פון „ניו יאָרק", צי אויס מורא פאַר קאָנקורענץ, צי אויס קנאה פאַר דער גייסטיקער ממשלה איבער דער יידישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, — וועגן דעם זאָלן זיך די געטער פאַנאַנדערקלייבן. איך וויל דאָ בלויז קאָנסטאַטירן דעם פאַקט, אַז דער סכסוך צווישן „שיקאַגאָ" (און מיט איר האָט געהאַלטן די „קאַנטרי" און טיילווייז אויך ניו יאָרקער סאָ־ציאַליסטן) און „ניו יאָרק" האָט זיך שטאַרק פאַרשאַרפט.

## די אַריבער־געקומענע בונדיסטן

די אימיגראַציע פון די היימישע רעוואָלוציאָנערן איז געווען גאַנץ שטאַרק און די „יידישע אַרבעטער וועלט", וואָס האָט זיך געהאַלטן אָן די היימישע טראַדיציעס, האָט אין זיי געקראָגן נייע אַגענטן און בכלל איבער־געגעבענע פריינט.

מיט אַ פּאָר מאָנאַטן נאָך מיין קומען קיין אַמעריקע איז געקומען צביון. ער איז שוין געקומען אַהער אַלס אַן „אַמעריקאַנער" און איז גלייך אַריין אַלס שרייבער אין „פאָרווערטס". ער איז אָבער אויך געווען איינער פון מיינע מיטאַרבעטער אין דער „יידישער אַרבעטער וועלט". אין דער זעלביקער צייט איז אַהער געקומען ב. וולאַדעק, מיט אַ רעפּוטאַציע פון אַ שיינעם רעדנער, אַלס אַ „יונגער לאַסאַל".

## דער „גרינער" רעדאַקטאָר און דער „גרינער" לאַסאַל

„ניו יאָרק" האָט וולאַדעקן געגעבן זייער אַ קאַלטן קבלת־פּנים, דער־פאַר האָט אָבער שיקאַגאָ (לייען די „יידישע אַרבעטער וועלט") אים שטאַרק

מקרב געווען. דאָס האָט נאָך מער געקרענקט „ניו יאָרק", וואו מען פלעגט האַלטן אין איין חוזק־מאַכן פון דער „גרינער" צייטונג, פון איר „גרינעם" רעדאַקטאָר (דאָס האָט מען געמיינט מיך), און פון דעם „גרינעם" (אָנשטאָט דעם „יונגען") לאָסאַל.

מיר האָבן, פאַרשטייט זיך, געגעבן חזרה און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מחלוקה, אַ פּאָלעמיק, צווישן די „גרינע" און די „געלע" — אַ פּאָלעמיק, וואו די „גרינע" האָבן פאַקטיש געזיגט אין דער באַוועגונג. די „גרינע" האָבן אפילו איינגענומען ניו יאָרק. ווינטער 1908 איז אין ניו יאָרק אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ קאָנפערענץ פון די יידישע געזעלשאַפטן, פאַרטרעטער פון 120 אָרגאַניזאַציעס. דאָרטן איז שטאַרק דיסקוטירט געוואָרן דער סכסוך צווישן „שיקאַגאָ" און „ניו יאָרק", און די קאָנפערענץ האָט זיך געשטעלט אויף דער זייט פון שיקאַגאָ. דאָס האָט זי אויסגעדריקט אין אַן אָפיציעלער באַגריסונגס־טעלעגראַמע צו דעם „גרינעם" רעדאַקטאָר פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט", וואו מען האָט אים געגעבן מוט און די פאַרשפּרעכונג, אַז זיי, די סאָציאַליסטן, וועלן אים אונטערשטיצן אין קאַמף.

## די מיטאַרבעטער פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט"

די „ווּדישע אַרבעטער וועלט" האָט געהאַט צווישן אירע שטענדיקע מיטאַרבעטער יעקב גאָרדין, מאָריס ווינטשעווסקי, דר. יצחק אייזיק הורוויץ, דר. אב. קאַספּע, יעקב מילך, ל. ב. בודין, ה. בורגין, דר. ספּייער, דר. פּאָרענבערג, וו. עדלין, ח. אַלעקסאַנדראָוו און אַנדערע אַמעריקאַנער געזעלשאַפטן, וועלכע זיינען שטענדיק געווען מיט די אינסורגענטן. צווישן די מיטאַרבעטער פון דעם „גרינעם" לאַגער זיינען געווען: ב. וולאַדעק, צביון, י. ב. סאָלוצקי, ליליפּוט, שנייפּאַל, מ. טערמאַן, ש. עפּשטיין און פיל אַנדערע. צווישן די אויסלענדישע מיטאַרבעטער זיינען געווען: פ. ליבמאַן (דער איצטיקער פּראָפעסאָר פון סטאַטיסטיק אין זשענעווער אוניווערזיטעט), מ. אַלגין, קויגען־„יונה" און פיל אַנדערע אָנגעזעענע סאָציאַליסטישע טוער און שרייבער. מיט אַזאַ סטעף און מיט דער גרויסער סימפּאַטיע פון דער „רענק ענד פאַיל" איז די „יידישע אַרבעטער וועלט" געווען גענוג שטאַרק אויסצוהאַלטן די אַטאַקעס, וועלכע זיינען געקומען פון די „געלע".

# דער סטרייק אין ניו יאָרק

סוף ווינטער, 1909, קריג איך אַ ספּעשעל דעליווערי פון ב. צביון (איך דענק, אַז איצט קאָן מען שוין דעם „סוד פון רעדאַקציע" אַנטפּלעקן), אַז אין „פאָרווערטס" האָט אויסגעבראָכן אַ סטרייק פון די שרייבער און ער בעט מיך, אַז מען זאָל וועגן דעם לאָזן וויסן דעם עולם.

דער בריוו איז צו מיר אָנגעקומען דאָנערשטיק אינדערפרי. די צייטונג איז שוין דעמאָלט געווען געשלאָסן. אַ סטרייק אָבער! אַ סאָציאַליסטישע צייטונג מוז זיך אָננעמען פאַר די סטרייקערס! בין איך ניט־טויט, ניט־לעבעדיק געלאָפן אין דרוקעריי, וואו מיר איז ניט לייכט אָנגעקומען צו עפענען איבעראַנייס די פיידזש און אַריינשטעלן אויף דער ערשטער זייט אַ נאָטיץ וועגן דעם סטרייק.

דער נאָטיץ האָט צוגעגאָסן אויל אויפן פייער און מען האָט געזוכט צו אונטערדריקן די „יידישע אַרבעטער וועלט" מיט כשרע און ניט־כשרע מיטלען.

איבערהויפּט האָט מען געשיקט שליחים צו דעם מענעדזשער פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט" (מען האָט געוואוסט, אַז באַם רעדאַקטאָר וואָלט מען עס סיי־ווי־סיי ניט געפּועלט), מען זאָל ניט דרוקן צביונען, אויף וועלכן מען האָט געשאָטן שוועבל און פעך, אים אָנגערופן מיט אַלערליי נעמען. די התראות האָבן אָבער אויף מיר וויניק וואָס געווירקט. דער מענעדזשער איז שוין געוואָרן אַביסל וויכלעך און איז געווען גענייגט אָנ־צונעמען „אַ ניו יאָרקער אָריענטאַציע", אָבער דער „גרינער" רעדאַקטאָר האָט זיך פאַרעקשנט און האָט דעם „בונטאָוושטשיק" צביון נאָך געגעבן מער פּלאַץ און מער מעגלעכקייט צו שרייבן אין דער „יידישער אַרבעטער וועלט". דאָס האָט די מערכה פון דער "יידישער אַרבעטער וועלט" נאָך מער מער פאַרערגערט, און מען האָט געזוכט מיטלען אונטערצוגראָבן די אינסורגענטישע צייטונג, מאַכן ענג דעם אינסורגענט־רעדאַקטאָר און די אינסורגענטן־מיטאַרבעטער.

דער מענעדזשער, וועלכער האָט שטענדיק געליטן פון דער כתבנות־חולאת און האָט, אגב אורחא, געמיינט, אַז ער ווערט געקריוודעט, אַז ער איז וויניק פאַרטראָטן אין דער צייטונג, און איז אויך, אַלס „געלער" גע־נאָסע, געווען אין כעס אויף די „גרינע", פאַרוואָס זיי זיינען אים מסיג גבול און פאַרנעמען דעם „גאַנצן פּלאַץ", איז, ווי געזאָגט, אַריבער אויף דער זייט פון „ניו יאָרק" און האָט אָנגעהויבן שרייען, אַז די „יידישע אַרבעטער וועלט" מאַכט־אָן מחלוקות אין דער באַוועגונג. זיינע געשרייען האָבן אָבער

ניט געווירקט, און ווען די אינערלעכע סכסוכים צווישן דעם רעדאַקטאָר און דעם מענעדזשער זיינען געוואָרן צו־שאַרף, האָט די „יידישע אַרבעטער וועלט" פּרעס פעדערײשאָן באַשלאָסן אָנצושטעלן אַן אַנדער מענעדזשער, וועלכער זאָל מער ניט שטערן אין פירן מיין פּאָליסי.

## דער חרם אויף דער „יידישער אַרבעטער וועלט" און דער „יידישער אַגיטאַציע־ביוראָ

די „יידישע אַרבעטער וועלט" און די „יידישע אַגיטאַציע־ביוראָ, וועלכע זיינען געלעגן אין חרם באַ „ניו יאָרק", האָבן זיך געטאָן זייער אַרבעט, זיינען געוואָרן פּאָפּולער באַ די געגנאָסן און קיין סטראַשונקעס פון „ניו יאָרק" און קיין אינטריגעס פון אינעווייניק האָבן ניט אָפּגעשוואַכט די קאָמפּסלוסטיקייט פון דער צייטונג און פון אַלע די, וועלכע זיינען אַרום איר געשטאַנען.

אין „ניו יאָרק" האָט מען געזוכט אַלערליי תחבולות, ווי אַזוי פּטור צו ווערן פון דער „שיקאַגער צרה", האָט מען זיך באַראַטן און באַשלאָסן, אַז מען מוז קודם־כל אַריבערנעמען די יידישע אַגיטאַציע־ביוראָ קיין ניו יאָרק. דערמיט האָט מען געמיינט אָפּצוציען דעם ווינט פון אונדזערע זעגלען.

דער קאַמף צווישן די „גרינע" און „געלע" האָט זיך אָבער נאָך מער צעפלאַקערט. וולאַדעק איז געווען דער רייזנדיקער אַגיטאַטאָר און אָר־גאַניזאַטאָר פאַר דער יידישער אַגיטאַציע־ביוראָ, ק ע ג ן דעם ווילן פון „ניו יאָרק". די „יידישע אַרבעטער וועלט" האָט אים אונטערשטיצט, האָט געגעבן פלאַץ ב. צביונען און האָט זיך געטאָן איר אַרבעט און זיך ווייניק וואָס גערעכנט מיט „ניו יאָרק".

## די קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע

אין סעפּטעמבער, 1909, איז אין פילאַדעלפיע פאָרגעקומען אַ קאָנווענ־שאָן פון דער יידישער אַגיטאַציע־ביוראָ. איך און דער איצטיקער שיקאַגער מענעדזשער פון „פאָרווערטס", לעווענסאָן, זיינען געווען די שיקאַגער דע־לעגאַטן. מיר האָבן דאָס באַדאַרפט זיין די פעלדמאַרשאַלן פון די קאָנטרי־סאָציאַליסטן קעגן די „ניו יאָרקער" אַטאַקעס. אַחוץ אונדז זיינען געווען די אַקטיווע קעמפער אין דעם „גרינעם לאַגער" מאָריס ווינטשעווסקי, ב.

וואָלאַדעק און כמעט אַלע טעטיקע גענאָסן — דעלעגאַטן פון די ברענטשעס אויסער ניו יאָרק.

צביונען האָט מען דעמאָלט צום פּסוק ניט צוגעלאָזט און אַחוץ זיין מיטאַרבעטערשאַפט אין דער „יידישער אַרבעטער וועלט" האָט ער קיין זאַך ניט געקאָנט טאָן, און זיכער ניט אויפטאָן, אין דער באַוועגונג. ער איז געלעגן אין חרם און איז געשטאַנען מחוץ למחנה.

ווען איך בין געקומען ערב דער קאָנווענשאָן אין פילאַדעלפיע, האָב איך שוין געפונען די „ניו יאָרקער" און זייערע אַרויסהעלפער. דער הויפּט־רעדלפירער פון דער „ניו יאָרקער" דעלעגאַציע איז געווען גענאָסע מ. גיליס, וועלכער פלעגט — דעם אמת מוז מען זאָגן — שטענדיק זיין אַקטיוו אין דער באַוועגונג, פלעגט זיך תמיד לאָזן געפינען, וואו נאָר מען האָט באַדאַרפט זיין געלט־שטיצע, זיין ראַט און טאַט.

אַחוץ אָט דער יידישער סאָציאַליסטישער „ביסמאַרק", ווי מען האָט גיליסן גערופן, זיינען געווען אַלס דעלעגאַטן אויף דער קאָנווענשאָן א. גאָלדין, י. וויינטרויב, ב. שפּינראַד, ביכאָווסקי, דער דעמאָלטדיקער פילאַ־דעלפיער מענעדזשער פון „פאָרווערטס", אַלס דעלעגאַט פון פילאַדעלפיע, און אַנדערע. שיפּלאַקאָוו איז אויך געקומען פון ניו יאָרק. ער איז געווען דער ניו יאָרקער קאַנדידאַט, אַלס סעקרעטאַר פון דער אַגיטאַציע־ביוראָ, קעגן מ. קויפמאַנען.

## די יידישע אַגיטאַציע־ביוראָ ציט־אַריבער אין ניו יאָרק

גיליס האָט אין די פּריוואַטע געשפּרעכן גענומען רעדן צו מיר און אויך צו וואָלאַדעקן, רעדן און איינרעדן, מיר זאָלן מסכים זיין צו דער רעזאָלוציע, וואָס די „ניו יאָרקער" גענאָסן וועלן אַריינברענגען, איבערצופירן די אַגי־טאַציע־ביוראָ פון שיקאַגאָ קיין ניו יאָרק. ער האָט פאַרשפּראָכן אַלערליי גליקן. באַ מיר האָט ער עס ניט געפּועלט; באַ וואָלאַדעקן, דאַכט מיר, יאָ. מיט ווינטשעווסקין האָט ער קיין פאַרהאַנדלונגען ניט געפירט, ווייל ווינ־טשעווסקי איז דעמאָלט געווען פאַרבונדן מיט דער „וואַרהייט" און איז ניט געווען כשר געגנוג פאַר די „ניו יאָרקער".

די ניו יאָרקער האָבן אַרויסגעשטעלט אַלס באַגריסער אויף דער קאָנ־ווענשאָן די אַלע גדולים, דעם רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס", ב. פייגענ־בוימען, דעם פאַרשטאַרבענעם מאיר לאָנדאָן, וועלכער האָט דעמאָלט גע־האַלטן איינע פון זיינע שיינע רעדעס וועגן סאָציאַליזם און וועגן דער נוי־טיקייט, עס זאָל הערשן אחדות אין דער באַוועגונג. אַ פּאָר ניו יאָרקער

באַגריסער האָבן זיך ניט געקאָנט באַהערשן, און האָבן אין זייערע רעדעס אָנגעגריפן די שיקאַגער צייטונג, דעם „גרינעם" רעדאַקטאָר, דעם „גרינעם" לאָסאַל און די „בונטאָווטשיקעס", וועלכע האָבן ניט קיין אַנדער זאַך אין זינען, ווי צו קריגן דזשאָבס. „זאָל מען נאָר זיי געבן אַ דזשאָב, און זיי וועלן זיך גלייך איבערקערן", האָט געדונערט דער הויפּט־רעדנער. זייערע רעדעס האָבן אָבער געקראָגן אַ קאַלטע אויפנאַמע ביי די דעלעגאַטן.

די אַגיטאַציע־ביוראָ איז געווען אין פינאַנציעלן פּרט אויף גרויסע צרות. די טעטיקע געגאָסן האָבן זייער צייט אָפּגעגעבן פאַר דער „יידישער אַרבעטער וועלט". איז דער אַגיטאַציע־ביוראָ אויסגעקומען צו זיין אַ טאָג אָן ברויט און אַ טאָג אָן גרויפּן. קיין שכירות פאַרן סעקרעטאַר איז סיי־ווי־סיי ניט געווען, און אַזוי ווי „ניו יאָרק" האָט פאַרשפּראָכן אויסצוהאַלטן די אַגיטאַציע־ביוראָ, אויב זי וועט זיך איבערקלייבן קיין ניו יאָרק, האָבן מיר, די „גרינע", צווישן זיך באַשלאָסן איבערצוגעבן די אַגיטאַציע־ביוראָ די ניו יאָרקער געגאָסן אויף אַ „טרייעל". פּרינציפּיעל זיינען מיר געווען קעגן, אָבער אויס טאַקטישע גרונטן האָבן מיר געגעבן אונדזער הסכמה דערצו. געוואוסט האָבן מיר, אַז דאָ צילעוועט מען זיך קעגן דער „יידישער אַרבעטער וועלט", אַז מ'קוואַפּעט זיך ניט פאַר דער „ביוראָ", וועלכע זיי האָבן אין דער ערד, אָבער אַזוי ווי מיר זיינען געווען באַ זיך זיכער, אַז די „יידישע אַרבעטער וועלט" וועט מען ניט קאָנען אונטערברענגען און עס איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר די „ניו יאָרקער", האָבן מיר צו דער רעזאָלוציע צוגעשטימט.

אפילו אויף אָט דעם באַשלוס האָבן מיר מסכים געווען נאָכדעם ווי די „ניו יאָרקער" האָבן אונדז הייליק פאַרשפּראָכן, אַז ב. וולאַדעק וועט בלייבן דער „פעלד־אָרגאַנייזער" פון דער „ביוראָ", נאָר דעמאָלט האָבן מיר צוגעשטימט, אַז די אַגיטאַציע־ביוראָ זאָל אַריבער קיין ניו יאָרק און אַז שיפּלאַקאָף זאָל ווערן דער סעקרעטאַר.

אַזוי איז טאַקע געווען. שיפּלאַקאָף פון „זייער" צד און וולאַדעק פון „אונדזער" צד, דער ערשטער אַלס סעקרעטאַר, דער צווייטער אַלס אָרגאַניזאַטאָר, זיינען געוואָרן די באַאַמטע פון דער אַגיטאַציע־ביוראָ. דע־מאָלט, ווי ווייט מיר דוכט זיך, האָט זיך אָנגעהויבן וולאַדעקס אָפּנויג (אויף דעם קאָמוניסטישן לשון) פון דער אינסורגענטן־ליניע און זיין „צונויג" צו „ניו יאָרק". ער האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוגרינען...

## דאָס לעבן טאַשט אונדז ווי קאָרטן

מיט דער „יידישער אַרבעטער וועלט״ איז וולאַדעק געבליבן אַפילו נאָכדעם, ווי ער איז געוואָרן דער אָרגאַניזער פון דער „ביוראָ״, קאָנט־ראָלירט פון די „ניו יאָרקער״, ביסלעכווייז אָבער האָבן די באַציאונגען אָנגעהויבן צו ווערן אָפּגעפרעמדט, הגם אויסערלעך איז אַלץ געגאַנגען כשורה.

ווען איך האָב, ענדע זומער 1910, רעזיגנירט אַלס רעדאַקטאָר פון דער „יידישער אַרבעטער וועלט״ איז שוין וולאַדעק געווען אַ האַלבער „ניו יאָרקער״.

עס איז אפשר ניט וויכטיק, אָבער עס מעג באַ דער געלעגנהייט דער־מאָנט ווערן. בשעת מיר, די „גרינע״, האָבן מסכים געווען צו דער רע־זאָלוציע איבערצופירן די אַגיטאַציע־ביוראָ קיין ניו יאָרק, איז מען אונדז באַפאַלן אין דעם „אַרבייטער״, דער וועכנטלעכער אָרגאַן פון דער „עס־על־פּי״, וואָס האָט שטאַרק אויפגעפּאַסט אויף דער כשרות פון די „עס־פּי״־געגנאָסן. מען האָט אונדז גערופן: אָפּאָרטוניסטן, וועלכע בויגן זיך צום „פּאָרווערטס״. איינער פון די שמשים אין יענער „כשרער״ קלייזל, וועלכע האָבן ניט געקאָנט פאַרטראָגן אונדזער „פּאָרווערטסיזם״, איז געווען דער איצטיקער „אוטשאָני יעוורעי פּאָ באָלשעוויסטסקאָמו וואָפּראָסו״ אין „פּאָר־ווערטס״.

ווי זאָגט גאָרקיס העלד אין זיינע „געוועזענע מענטשן״? „דאָס לעבן טאַשט אונדז ווי קאָרטן״...

## די גרינדונג פון דער יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע

די אַגיטאַציע־ביוראָ האָט אין ניו יאָרק געהאַט אַ קליינעם דערפאָלג, ניט פריער אונטער שיפלאַקאָפן און ניט שפּעטער, ווען דער סעקרעטאַר איז געווען ב. וואולף, דער איצטיקער מענעדזשער פון דער פּאַקעטבוק־מייקערס יוניאָן.

די „ביוראָ״ האָט געצויגן אַ קלעגלעכע עקזיסטענץ. זי האָט ניט געהאַט קיין כח צו לעבן און קיין מוט צו שטאַרבן.

אין אונדזערע קרייזן איז מען, אַחוץ דעם, געוואָרן אומצופרידן מיט איר, ווייל די „ביוראָ״ איז געווען אַ „יידיש־שפּרעכנדיקע קערפּערשאַפט״, וועלכע איז באַטראַכט געוואָרן בלויז אַלס אַ ט ע כ נ י ש ע ר מיטל ווי צו פאַרשפּרייטן דעם סאָציאַליזם צווישן די יידן. מיט קיין יידיש־נאַ־

ציאָנאַלע אויפגאַבן האָט זי זיך ניט אָפּגעגעבן. מיר האָבן אָבער געטענהט, אַז די יידישע סאָציאַליסטן אין אַמעריקע האָבן אַחוץ סאָציאַליסטישע אויך ספּעציפיש־יידישע אינטערעסן און מען באַדאַרף האָבן אַ יידיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל זיין ענלעך צו דעם „בונד" אין רוסלאַנד.

די אַמעריקאַנישע געגנאָסן, ווי גיליס, שיפּלאַקאָף און אַנדערע זיינען געווען קעגן אַ „בונד" אין אַמעריקע, קעגן נאַציאָנאַליזם און האָבן אונדז גערופן „קוגעל־סאָציאַליסטן", וועלכע גייען אַראָפּ צוליב אונדזער נאַציאָנאַליזם פון דעם סאָציאַליסטישן דרך־הישר. מיר האָבן אָבער אויסגעפירט. און אויף דער קאָנווענשאָן אין פּעטערסאָן, וואָס איז פאָרגעקומען אין 1912, איז די „יידישע אַגיטאַציע־ביוראָ" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער אויטאָנאָמער „יידישער סאָציאַליסטישער פעדעראַציע אין אַמעריקע".

י. ב. סאַלוצקי איז געוואָרן סעקרעטאַר פון דער נייער אָרגאַניזאַציע.

1

# די יידישע קאָלאָניזאַציע-פּראָבלעם

**דער** אידעאַל פון יידישן פאָלק איז תמיד געווען צו זיין אַ פאָלק פון אַקערבויער. אין אונדזער ביבל, ווי אין אַלע אַנדערע הייליקע שריפטן ווערט אויסגעשטעלט אַלס די דערהאַבנסטע און נאָבלסטע באַשעפטיקונג פּאַרמעריי.

אין קיין ליטעראַטור פון דער וועלט, ווערט ניט אַזוי באַזונגען אַ לעבן נאָענט צו דער נאַטור ווי אין אונזערע יידישע ספרים.

פילע פון אונדזערע נביאים און קעניגן זיינען געווען געווען פּאַסטוכער און ערד-אַרבעטער. דער פּאַטריאַך יעקב איז געווען אַ פּאַסטוך און גרינדער פון דער יידישער קעניגלעכער דינאַסטיע וואָס איז אין דער אייגענער צייט געווען דער גרעסטער יידישער דיכטער פון אַלע צייטן — דער פאַרפאַסער פון תהלים — דוד המלך, איז געווען אין זיין יוגנט אַ פּאַסטוך.

אַלס די גליקלעכסטע צייט אין דער יידישער געשיכטע ווערט באַצייכנט די צייט, ווען זיי זיינען געזעסן יעדערער אונטער זיין ווייִנשטאָק און זיין פייגנבוים איש תחת גפנו ותחת תאנתו.

עס איז זיס דער קלאַנג פונם אַרבעטער — מתוק הלנת העובד — אַזוינע פסוקים געפינען מיר אין אַ גרויסער צאָל אין תנ"ך.

אין דעם שענסטן יידישן ראָמאַנס — שיר השירים — ווערן די העלדן געמאָלן אַלס מענטשן, וועלכע לעבן דעם שיינעם געזונטן נאַטור-לעבן.

די שענסטע יידישע אידיליע, אפשר די שענסטע אידיליע פון דער וועלט-ליטעראַטור, מגילת רות, שילדערט אַ לעבן פון ערד-אַרבעטער. ווי שיין עס ווערן געמאָלן די גרינע פעלדער און וועלדער, ווי ערלעך עס ווערן געשילדערט די אַרבעטער און אַרבעטערנס אויפן פעלד און לויט דער צייט.

נאָך איצט טראָגן מיר זיך אַריבער אין יענער אַלטער, שיינער נאַטור-צייט, ווען מיר לעזן מגילת רות — וואו עס ווערט אַזוי אידעאַליזירט לאַנד-אַרבעט. נאָך איצט קלינגען אין אונדזערע אויערן די טענער פון די לויטערס

געזאַנג, און האָט איר נאָך אַ שענערס מאַלעריי, ווי דאָס בילד, וואו רות בינדט די גאַרבן פון פעלד!

אַלע יידישע נאַציאָנאַלע יום־טובים זיינען מאָנומענטן פון דעם יידישן אַמאָליקן נאַטור־לעבן.

פ ס ח איז דער יום־טוב פון פרילינג, פון זאַט־צייט.

ש ב ו ע ו ת איז דער יום־טוב פון שניט־צייט.

ס ו כ ו ת — דער חג־האסיף, דער יום־טוב פון אַראָפּנעמען די תבואות.

אַלע אונדזערע יום־טובים זיינען יום־טובים פון אַ נאַטור־פאָלק, פון אַ פאָלק, וואָס האָט געצויגן זיין ינוקה פון דער פעטקייט פון דער ערד (משמני הארץ).

מיט דעם חורבן בית המקדש, ווען מיר זיינען אַרויסגעריסן געוואָרן פון אונדזער טעריטאָריע, פון אונדזער הייליק לאַנד, זיינען מיר אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדזער נאַציאָנאַלער באַשעפטיקונג, פון אונדזער נאַציאָנאַלן באַרוף — פון ערד־אַרבעט.

מיר זיינען אַריין אין גלות, געוואָרן נע־ונדניקעס, געלעבט וואו אַ טאָג, וואו אַ נאַכט און מיר האָבן פאַקטיש קיין מעגלעכקייט ניט געהאַט זיך צו סעטלען אַלס פאַרמערס. מיר זיינען שטענדיק געשטאַנען מיט אונדזער וואַנ־דער־שטעקן אין האַנט גרייט צו גיין פון איין לאַנד אין אַ צווייטער.

אפילו דאָרטן, וואו מען זיינען געווען אין אונדזער וואַנדער־לעבן אַ לענגערע צייט, און וואָלטן שוין געקאָנט זיך איינאָרדענען אַלס פאַרמערס — האָט מען אונדז דערצו ניט צוגעלאָזן. די געזעצן פון כמעט אַלע לענדער, וואו מיר זיינען געווען אין גלות, האָבן אונדז פאַרבאָטן זיך צו באַשעפטיקן מיט לאַנד־ווירטשאַפט. מיר זיינען געוואָרן אַ פאָלק פון סוחרים קעגן אונדזער ווילן. מיר האָבן אויפגעהערט צו ווערן נאַטור־מענטשן מיט געוואַלד. מיר זיינען געוואָרן ווינט־מענטשן, מיט אַ ווייטיק איינהאַרצן

אָבער אפילו אין אונדזער לאַנגן גלות האָבן מיר קיינמאָל ניט אויפ־געהערט צו בענקען צום אַמאָליקן לעבן, צום שיינעם און ריינעם לעבן פון פאַרמערס.

אונדזערע דיכטונגען, אונדזערע תפילות זיינען דורכגעדרונגען מיט דעם אַמאָליקן פאַרמער־לעבן. גענוג צו דערמאָנען תפילות טל און גשם.

צי מאַכט מען דען ניט די ערשטע ברכה ויתן לך אלהים מטל השמים ומשמני הארץ ורוב דגן.

עס איז איינע פון די גרעסטע רכילות צו באַהויפּטן, אַז יידן זיינען ניט גענייגט צו ערד־אַרבעט. אונדזער גאַנצער עבר, אונזער גאַנצעס נשמה־לעבן ווייזט פונקט דעם היפוך. וואו נאָר עס איז געווען די קלענסטע

מעגלעכקייט האָט דער ייד זיך גענומען צו ערד־אַרבעט און צו פּאַרמעריי בכלל.

אין דעם 10טן יאָרהונדערט איז אין דייטשלאַנד געווען באַוואוסט דער אַזוי גערופענער „חרם הישוב“.

די רבנים און די גאַנצע יידישע געזעלשאַפטלעכקייט פון יענער צייט האָבן אַריינגעלייגט אין חרם די יידישע ישובניקעס, וועלכע האָבן פאַרלאָזן די דערפער, אַנגעקומען אין די שטעט צו ווערן סוחרים. מען האָט אויף זיי געקוקט ווי אויף מענטשן, וואָס באַשמוצן דעם ריינעם לעבן פון יידישן פאָלק.

ניט געקוקט, וואָס די ישובניקעס גופא זיינען געווען געצוואונגען דאָס צו טאָן, ווייל דאָס פעאָדאַל סיסטעם, וואָס האָט דעמאָלט געהערשט, האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן, אַז זעלבסטשטענדיקע, ניט פאַר „קנעכטיקטע“ פויערים, זאָלן זיך געפינען אין די דערפער און האָט די יידישע פאַרמערס שטאַרק פאַרפאָלגט, האָבן דאָך די יידישע כלל־טוער געוואָלט אויסאיבן אַ דרוק אויף די יידישע פויערים, זיי זאָלן ניט אַוועקוואַרפן זייער אַרבעט אָדער אים אויסבייטן אויפן האַנדל.

אַז עס פלעגט זיך עפּענען ערגעץ־וואו אַ קליין טירל אין דאָרף זיינען יידן מיט שמחה אַהין געגאַנגען. האָט זיך געעפנט בלויז אַ פענצטער צו דער נאַטור, דאָרטן האָבן יידן געקוקט מיט גרויס קנאה, וואָס זיי זיינען, פון נאַטור־לעבן אויסגעשלאָסן.

אפילו אין די קליינע שטעטלעך פון ליטע, וואו די פּאָליטישע באַדינ־גונגען פאַר די יידן זיינען געווען זייער שלעכטע, האָבן די יידן געפירט אַ האַלב־דאָרפישן לעבן.

יעדער אָרימער באַלעבאָס האָט געהאַט אַ גאָרטן באַ זיין הויז, וואו ער פלעגט פאַרזייען פּאָטייטאָס, באָב, אַרבעס, מערן, ריבן און שאר ירקות. אפשר מער ווי העלפט איינוואוינער האָבן זיך געהאַט זייערע אייגענע קי, וועלכע מען האָט געפיטערט אויף דער אייגענער לאָנקע, און אייגענע ציגן, וועלכע האָבן זיך שטאַרק ניט פאַנאַנדערגעקליבן צווישן אייגענע און פרעמדע . . .

יעדע הויז־פרוי האָט זיך געהאַט איר פאַר טוצן הינער, הענער, ענט־לעך, גענדז און אינדיקעס, וועלכע האָבן געוואַקסן און געהאָדערט און געקרייט אויפן בעסטן און שענסטן אופן.

צווישן די יידישע פּרנסות אין ליטע, וואָס זיינען בכלל ניט געווען גרויס, האָבן פאַרנומען זייער אַ וויכטיקן פּלאַץ די סעדער. די גוים פון די דערפער פלעגן פאַרקויפן, שוין פון אָנפאַנג זומער, זייערע פרוכט־סעדער צו יידן, וועלכע פלעגן זיך אַריבערקלייבן מיט זייער גאַנצער באַלעבאַטיש־

קייט אין סאָד, פלעגן דאָרטן וואוינען דעם גאַנצן זומער ביז הערבסט, פלעגן אויפפּאַסן אויף די פּרוכטן און שפּעטער, ווען זיי פלעגן שוין אַרונטערנעמען פון די בוימער, פלעגן זיי אַליין אָוועקפירן די פּרוכט אין די גרויסע שטעט און פאַרקויפן עס אויף די מערק.

און ניט נאָר די פּרוכט־סעדער, נאָר אויך די מילך־פאַרם — די „דייריס" — פלעגן זיין באַ יידן אין די הענט. דער ידישער מילכיקער פלעגט אַליין אויפפּאַסן אויף די קי, פלעגט זיי אַליין מעלקן, פלעגט אַליין אויסשלאָגן פּוטער, פלעגט אַליין אַרונטערנעמען די סמעטענע, אַליין אויס־זויערן זויערמילך און אַליין אויסקוועטשן צוואַרעק און קעז.

אין אַט די צווייגן פון לאַנד האָבן זיך די יידן אין ליטע אַרויסגעוויזן מער פּאַסיק, ווי די גוים.

ליידער אָבער האָבן זיך די פאַרפאָלגונגען און די רדיפות אין דער ליטע אונטערן צאַר אַלס מער געשטאַרקט און די יידן זיינען געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן זייערע ליבע באַשעפטיקונגען און ווערן סוחרים. אַ פאָלק אָן אַ יסוד, אָן אַ באָדן און אָן דער וויכטיקסטער באַשעפטיקונג ווי לאַנד־אַרבעט.

עס איז ניט קיין צווייפל, אַז אונדזערע שונאים האָבן אין אַ געוויסן זינען דערגרייכט זייער צוועק מיט דעם, וואָס זיי האָבן אונדז געטריבן צו ווערן הענדלער, צווישן־מענטשן.

יעדער מענטש איז אַ פּראָדוקט פון זיין סביבה, פון זיין אומגעבונג. די באַשעפטיקונג לייגט אַ טיפן אָפּדרוק אויפן כאַראַקטער פון מענטשן.

דער מסחר האָט געוויס ניט געהאַט קיין גוטע ווירקונג אויף אונדזער כאַראַקטער, זיטן און מנהגים.

די שטאָטישע סביבה מיט איר הו־האַ־לעבן האָט אונדז געמאַכט נער־ווייאיש, האָט אונדז איינגעפלאַנצט אַ קרעמערשע פּסיכאָלאָגיע, אויסער דעם האָט זי אונדז אָפּגעשוואַכט פיזיש אַזוי, אַז פילע מיינען באמת, דאָס מיר האָבן גאָר שוין ניט געהאַט די כחות צו ווערן פאַרמערס.

אָבער אַ פאַרמער־קלאַס, מיינע הערן, איז פאַר אונדז אומבאַדינגט נויטיק.

אויב מיר ווילן דערהאַלטן אונדזער פאָלק־לעבן מוזן מיר צווישן זיך האָבן די זעלביקע גלידערונג ווי באַ אַ נאָרמאַל פאָלק.

אַזוי ווי אַ נאָרמאַלער מענטש מוז האָבן באַזונדערע אָרגאַנען, וועלכע דערפילן די אַרבעט, וואָס איז נויטיק פאַר דער עקזיסטענץ פונם גאַנצן אָרגאַניזם, אַזוי מוז אויך אַ נאָרמאַל פאָלק זיין צעטיילט אין קלאַסן און יעדער קלאַס מוז טאָן די אַרבעט, וואָס איז נויטיק פאַרן גאַנצן כלל.

אַ פאַרמער־קלאַס איז דער וויכטיקסטער קלאַס אין דער נאַציע.

אַחוץ דעם, וואָס די פאַרמערס זיינען די אמתע ברויטגעבער, די אמתע דערנערער, וועלכע פּראָדוצירן ברויט און שפּייז פאַרן פאָלק, זיינען זיי אויך די ערהאַלטער פון די נאַציאָנאַלע טראַדיציעס, פון די נאַציאָנאַלע מנהגים.

די פאַרמערס שטעלן מיט זיך פאָר די אמתע נאַציאָנאַלע טיפּן פון פאָלק. די פעדים פון דער נאַציאָנאַלער קולטור ווערן בא זיי אויסגעוועבט אין טייערע קאָסטבאַרע פרוכתן.

פאַרמעריי איז דער פונדאַמענט פון דער נאַציאָנאַלער אויפלעבונג.

דאָס האָבן גוט פאַרשטאַנען די אמתע יידישע פילאַנטראָפּן, וועלכע האָבן געוואָלט זען דאָס יידישע פאָלק זאָל לעבן און זאָל זיין מיט לייטן גלייך.

אַלעמען איז באַוואוסט די גרויסע סומעס, וואָס דער פאַרשטאָרבענער באַראָן הירש האָט איבערגעלאָזן פאַר יידישער קאָלאָניזאַציע.

אַלעמען איז אויך באַוואוסט די פילע אַנדערע פאַרזוכן, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרן אַרויסצוציען דעם יידן פון שטאָט אין דאָרף.

וואו נאָר עס איז געווען די קלענסטע געלעגנהייט האָבן די יידישע פאַטריאָטן געזוכט פּלענער ווי אַזוי צו שאַפן אַ פּלאַץ פאַר יידישע פאַרמערס.

אין אונדזערע אַלטע היימען איז דאָס ניט געווען מעגלעך. דאָרטן, ווי געזאָגט, האָבן די רעגירונגען ניט דערלאָזן דעם יידן צו לעבן אין דאָרף.

אין רוסלאַנד ליגן מיליאָנען אַקערס פרוכטבאַרע לאַנד פּוסט און וויסט, אָבער די יידן האָט מען אונטערן צאַר צו זיי ניט צוגעלאָזן. דער ייד האָט ניט געהאַט קיין רעכט צו האָבן לאַנד ווי אייגנטום אפילו אין דער יידישער „טשערטאַ" גופא.

אין גאַליציע און רומעניע האָבן יידן יאָ אָפיציעל דאָס רעכט צו באַזיצן לאַנד, אָבער דער גרויסער סאָציאַלער און געזעלשאַפטלעכער אַנטיסעמיטיזם, וואָס האָט געהערשט בעפאָר דער מלחמה און עד היום, האָט פּראַקטיש געמאַכט אוממעגלעך דעם יידן צו וואוינען אינם דאָרף און מאַכן אַ לעבן פון לאַנד־אַרבעט.

באַראָן הירש, וועלכער האָט געוואָלט פאַרווירקלעכן זיין טרוים צו זען יידן אַלס אַן אַגריקולטור־פאָלק, האָט דעריבער געמוזט זוכן אַ פּלאַץ אין זיד־אַמעריקע, אין אַרגענטינע.

די געשיכטע פון דער אַרגענטינער קאָלאָניזאַציע איז זייער אַן אינטערעסאַנטע און הויך־באַלערנדיק. ליידער האָבן מיר דאָ ניט די מעגלעכקייטן אויף איר זיך אָפּצושטעלן.

מיר קאָנען זיך אָבער ניט אָפּזאָגן פון אַ קוק־טאָן אויף דער יידישער קאָלאָניזאַציע דאָ אין אַמעריקע. שוין אין 30ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונ־דערט זיינען אין ניו יאָרק סטייט און אין אַנדערע סטייטס געווען יידישע קאָלאָניעס, וועלכע האָבן עקזיסטירט מיט מער אָדער ווייניקער דערפאָלג. איבערהויפּט האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג פאַר פאַרמערס, נאָך די יידישע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די מאַסן־אימיגראַציע.

ווען אַמעריקע האָט נאָך די פּאָגראָמען געעפנט אירע אָרעמס אַריינצו־נעמען אַלע געדריקטע און גערודפטע, האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען דער נאַ־טירלעכער וואונטש פון די עמיגראַנטן זיך צו באַזעצן אויפן לאַנד און ווערן פאַרמערס.

נאָך איינצלנע, ניט זיך איינגעגעבענע, פאַרזוכן, איז אין 1893 געקויפט געוואָרן מיט דעם געלט פון באַראָן הירש פאָנד אַ שטיקל לאַנד דאָ ניט ווייט פון אונדז, אין ניו דזשוירזי, און מען האָט געגרינדעט אַ יידן־ישוב — די באַוואוסטע וואודביין.

די געשיכטע פון וואודביינער פאַרמערס איז אומגעהויער אינטערע־סאַנט און לערנרייך. זי דינט אַלס אַ לעבעדיקער מאָנומענט, ווי מען האָט געבויט יידישע קאָלאָניזאַציע, ווי אַזוי מען האָט געמאַכט קעמפן מענטשן מיט אידישער אַרבעט און האָפענונגען.

מיט איבער 30 יאָר צוריק, ווען עס זיינען געלייגט געוואָרן די ערשטע ווינקל־שטיינער פאַרן וואודביינער ישוב, האָט מען אין מאַנכע קרייזן גע־מיינט, אַז אָט, אָט ווערט געלייזט די פאַרשאָלטענע יידן־פראַגע. מען האָט זיך געטרייסט מיט דער האָפענונג, אַז אינגיכן וועלן מיר קאָנען ווייזן דער גאַנצער וועלט, אַז יידן האָבן אויפגעהערט צו זיין אַ פאָלק פון לופט און ווינט־מענטשן, אַז אידן זיינען פייאיק און ווילן זיך צו באַשעפטיקן מיט דער שווערסטער פיזישער אַרבעט.

עס האָט ניט געפעלט קיין געלט און קיין גוטער ווילן. באַראָן הירש האָט ניט געזשאַלעוועט קיין געלט פאַר זיין לעבנס־אידייע צו גרינדן יידישע קאָלאָניעס. עס זיינען געווען ניט ווייניק געזונטע, אין קערפּער און גייסט, מענטשן, וועלכע האָבן ערנסט באַשלאָסן צו ווערן ערד־אַרבעטער.

איצט איז שוין אָנגעמעקט געוואָרן דער לעצטער סימן פון דער אַמאָ־ליקער יידישער ערד־אַרבעטער קאָלאָניע.

אַז מען קוקט זיך צו צו וואודביין קומען אַנדערע צום באַשלוס, אַז יידישע קאָלאָניזאַציע איז אַ דורכפאַל. אַזאַ שלוס שטימט ניט מיט דערווירקלעכקייט.

וואודביין האָט ניט געוויזן, דאָס יידן זיינען ניט פּייאיק צו פאַרמעריי, נאָר אַז מען האָט ניט פאַרשטאַנען, ווי די פאַרמעריי דורכצופירן. ניט די קאָלאָניסטן גופא זיינען שולדיק אין דעם דורכפאַל, נאָר דאָס ס י ס ט ע ם, די מ ע ט אָ ד ן, לויט וועלכע די קאָלאָניעס זיינען געפירט געוואָרן.

ווען אין וואודביין וואָלט מען אָנשטאָט יידן קאָלאָניזירט עכטע, איינ־געוואָרצלטע מדור דורות אַקער־בויער, וואָלט געווען דער זעלביקער דורכ־פאַל, ווי איצט.

די ערשטע יידישע קאָלאָניזאַטאָרן זיינען געווען שוואַכע פאַכלייט און האָבן ניט געהאַט די וויכטיקע ידיעות, ווי אַזוי זיך צו נעמען צו אַזאַ גרוי־סער, פאַראַנטוואָרטלעכער, נאַציאָנאַלער אַרבעט.

אַז מען וויל שטאָט־לייט, וואָס זיינען צוגעוואוינט צום טאַראַראַם, מאַכן פאַר שטילע, האָרעפּאַשנע פאַרמערס, דאַרף מען אויסקלייבן אַ לאַנד, וואו די אַרבעט זאָל קענען זיין אָנגעלייגט, וואו מען זאָל קאָנען זען געוויסע פּרוכטן פון דער זריעה. מען דאַרף גיין פון לייכטן צום שווערן. מען באַ־דאַרף ביסלעכוויז, שטופנוויז, איינגעוואוינען שטאָט־לייט צו דעם געזונטן אָבער שווערן פאַרמער־לעבן.

וואודביין איז אָבער געווען אַ פּלאַץ, וואָס איז באין אופן ניט פּאַסיק געווען צו פאַרמעריי. די אַרומיקע שכנים, האָבן פאַרלאָזן דאָס לאַנד אַרום וואודביין, ווייל זיי האָבן ניט געזען קיין מזל־ברכה, אין זייער אַרבעט.

די ערד איז אין וואודביין זאַמדיק, די רעגנס גייען ניט־רעגולמעסיק, אָדער עס פליוכעט ווי אַ מבול, אָדער מען זעט ניט אַ גאַנצן חודש אַ טראָפּן. דערצו הערשן דאָרטן שטענדיק פאַרשיידענע פלאַנצן־קראַנקהייטן, וועלכע פאַרניכטן די יונגע אויפגעגאַנגענע גראָזן און פּרוכטן.

די ערשטע פּיאָנערן האָבן האַרטנעקיק און מיט אַן אייזערנעם געדולד אַריבערגעטראָגן אַלע שוועריקייטן. קיין אַרבעט איז זיי ניט שווער געווען, קיין נויט האָט זייער פעסטן ווילן ניט געבראָכן, זיי האָבן מקבל געווען באהבה די קעלט פון נאַכט און די היץ פון טאָג, מיט זייערע ציין האָבן זיי ווילדע וואָרצלען געריסן, מיט זייער שווייס האָבן זיי די ערד געזעטיקט, מיט זייערע טרערן האָבן זיי די ערשטע פלאַנצונגען באַנעצט.

אָבער וואָס איז דערפון אַרויסגעקומען?

אַ ביטערע, האַרצרייסנדיקע אַנטוישונג!

די שיינע, זיסע האָפענונגען פון באַראָן הירש האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פּוסטע חלומות; פון די יידישע שיינע פעלדער און וועלדער, וועלכע מען האָט געזען אין דער פאַנטאַזיע, זיינען ווייניק וואָס איבערגעבליבן אין דער ווירקלעכקייט.

אויף דעם פּלאַץ, וואו עס האָבן געזאָלט גרינען בוימער, זיינען אויפגע־שטעלט געוואָרן פעקטאָריס און דאָרטן, וואו עס האָבן געזאָלט זינגען פייגל, פייפט די פאַראָוועקע.

אַנשטאָט געזונטע, לעבנס־לוסטיקע, פעסט־געבויטע, זאָרגלאָזע לאַנד־אַרבעטער, פאַר׳חושכ׳טע, איינגעהויקערטע, שטענדיק־פאַרזאָרגטע, פאַבריק־אַרבעטער.

אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזן פונקט קאַפּויר ווי מען האָט דערוואַרט.

פון די 60 ערשטע פּיאָנערן פאַרמערס, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין וואודביין מיט 30—34 יאָר צוריק, זיינען אין 1915 אינגאַנצן געבליבן דריי, וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט פאַרמעריי. די איבעריקע זיינען אַוועק צוריק אין די שטעט, וואו זיי האָבן, ניט ווילנדיק, געמוזט ווערן פּעדלערס, סטאָרקיפּערס. פון יונגן דור איז אפילו קיין שריד ופליט ניט געבליבן אין וואודביין.

די איינציקע אָנדענקונג, וואָס איז געבליבן פון דער פריערדיקער יידישער קאָלאָניע איז בעפאָר דער מלחמה געווען „די באַראָן דע הירש פאַרם־סקול״. די פאַרם־סקול האָט ווי עס איז געצויגן איר קלעגלעכע עק־זיסטענץ און האָט געגעבן די מעגלעכקייט מאַנכע יידישע יונגעלייט זיך צו באַקענען מיט די מעטאָדן פון פאַרמעריי.

מען האָט גענומען יידן און מען האָט זיי געהייסן בויען פּיראַמידן אָן ליים און אָן שטרוי. און ווען די אַרבעט האָט קיין דערפאָלג ניט געהאַט און די יידן האָבן זיך אָנגעפאַנגען צו באַקלאָגן, האָבן די פאַרשיידענע יידישע קהלשע קליאַמקעס זיי פאַרגעוואָרפן די אַלטע טענה, וואָס פּרעהס אויפ־זעער אין מצרים האָבן געטענהט : „נרפים אתם״, איר זענט פויל!

ניט אין דער מעגלעכקייט האָט מען געצווייפלט, ניט אין דער פייאי־קייט פון דער אַדמיניסטראַציע האָט מען געוואָרפן אַ ספק, נאָר מען האָט איבערגעחזרט די אַלע רכילות, אַז יידן ווילן ניט אַרבעטן, אַז זיי זיינען לופט־מענטשן, אַז זיי זיינען ניט געוואוינט צו פיזישער אַרבעט.

עס איז ווידער אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער פּסק, אַז יידן טויגן ניט צו פאַרמעריי!

דער אמת איז, אַז יידן קאָנען זיין גוטע און דערפאָלגרייכע פאַרמערס, אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן.

צו דער איצטיקער מאָדערנער פאַרמעריי דאַרף מען ניט האָבן קיין גויאישע הענט, נאָר אַ יידישן קאָפּ. עס פאָדערט זיך אינטעליגענץ מער ווי אַלץ.

2

# ערשטע יידישע ערד-אַרבעטער קאָלאָניע אין אַמעריקע

דאָס יידישע פאָלק איז בטבע אַ פאָלק פון לאַנד- און פעלד-אַרבעטער. דער גרעסטער אידעאַל זיינער איז תמיד געווען צו זיצן אונטערן פייגנבוים און וויינגאָרטן. עס איז איינע פון די גרעסטע רכילות, ווען מען וואַרפט די יידן פאָר, אַז זיי זיינען הענד-לער, סוחרים, מיטלמענטשן, וועלכע טוען ניט און ווילן ניט טאָן קיין ממשותדיקע אַרבעט. יידן זיינען געוואָרן הענדלער קעגן זייער ווילן. זיי האָבן אין פאַרשיידענע צייטן זיך גענומען צו לופט- און ווינט-פּרנסות, ווייל מען האָט זיי געצוואונגען דערצו, ווייל מער האָט מיט געוואַלד אַוועקגענומען פון אונטער זייערע פיס דעם באָדן. די לאַנגע יידישע געשיכטע דערציילט אונדז, אַז ווען און וואו עס איז נאָר געווען די קלענסטע מעגלעכקייט, האָבן יידן זיך אַרויסגעריסן פון דעם שטאָטישן הו-האַ און געגאַנגען אין דאָרף אַקערן די ערד, וואָס האָט פאַרן יידן אַ באַזונדער צו-ציאונגס-קראַפט. זיינען דאָך די פריידן און ליידן פונם יידישן פאָלק, זיינע ימים-טובים, זיינע שמחות און אבילות פאַרבונדן מיט זיין אַמאָליקן לעבן, ווען עס האָט זיך געפונען אויפן שויס פון דער נאַטור און געצויגן די חיונה פון דער מוטער ערד, ווען זיין עובדא איז געווען צו אַקערן און צו זייען און צו פירן די גאַרבן פון פעלד.

אויך די געשיכטע פונם יידישן ישוב דאָ אין די פאַראייניקטע שטאַטן ווייסט צו דערציילן פון פאַרשיידענע פאַרזוכן און עקספּערימענטן, וואָס יידן האָבן געמאַכט זיך צו באַזעצן אויפן לאַנד און ווערן יידישע פּויערים, ווייל זיי האָבן געהאַלטן, אַז „אין דער סאָכע ליגט די מזל-ברכה". דערביי האָבן די יידישע אימיגראַנטן אַרויסגעוויזן גרויסע מסירות נפש. זיי האָבן

מיט די ציין געריסן די טיפע פאַרהאַרטעוועטע וואָרצלען און מיט די נעגל — די ווילדע גראָזן פון באָדן. זיי פלעגן זיך ברענען אונטער דער הייסער זון באַטאָג, און באַנאַכט שווידערן פון קעלט. קיין זאַך איז ניט געווען צו שווער, אום צו פירן אַ לעבן אין הסכם מיט זייער היסטאָרישן באַרוף און נאַטירלעכער נייגונג.

אַ צייט, אַ צייט פריער, איידער עס האָט זיך דאָ אָנגעהויבן די מאַסן־אימיגראַציע, ווען מען האָט די יידישע פאַמיליעס נאָך געקאָנט ציילן אויף די פינגער — שוין דעמאָלט זיינען געמאַכט געוואָרן פאַרזוכן צו בויען יידישע דערפער, וואו די הויפט־באַשעפטיקונג זאָל זיין פאַרמעריי. שוין מיט צוויי־און־ניינציק יאָר צוריק האָבן מיר דאָ, טאַקע אין ניו יאָרק סטייט, געהאַט אַ יידישע קאָלאָניע מיט אַ יידישן נאָמען און יידישע פאַרמערס, וואָס קאָן ווערן באַטראַכט אַלס דער ערשטער קערן, וועלכער איז פאַרזייט געוואָרן אויפן באָדן פון יידישער פאַרמעריי אין אַמעריקע.

ש ל ו ם האָט אָט דער ערשטער יידישער ישוב אויפן דאָרף געהייסן.

די געשיכטע פון דער קאָלאָניע שלום איז אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט, און איצט, ווען אין סאָוועט־רוסלאַנד קומט פאָר אַ מאַסן־פאַרמעריזאַציע, ווען אין פאַלעסטינע פאַרמערן זיך די לאַנדווירטשאַפטלעכע קבוצות און דער שטח לאַנד אונטערן אַקער ווערט פאַרגרעסערט, ווען אין אַלע אַנדערע לענדער איז פאַראַן אַ שטאַרקער פאַרלאַנג צו „מופן" פון שטאָט אין דאָרף און ווען־טאַקע דאָ גופא, אין אונדזער אַמעריקע, האָבן מיר אַ היבשע צאָל יידישע פאַרמערס — איצט, זאָגן מיר, איז ניט איבעריק זיך צו באַקענען מיט דעם היסטאָרישן קאַפּיטל פון אונדזער אַמעריקאַנישן יידישן לעבן, באַקאַנט אונטערן נאָמען: „די קאָלאָניע שלום".

## מרדכי עמנואל נחם פאַרזוך צו גרינדן אַ יידישן ישוב אררט

דעם סאַמע ערשטן פ אַ ר ז ו ך צו באַזעצן יידן אויפן לאַנד, דאָ אין די יונייטעד סטייטס, האָט געמאַכט אין די ערשטע צענדליק יאָרן נאָך דעם אומאָפּהענגיקייטס־קריג דער יידישער מיידזשאָר מרדכי עמנואל נח, אַ געבוירענער פון פילאַדעלפיע.

מרדכי עמנואל נח האָט גענומען אַן אָנטייל אין דער מלחמה, וואָס דזשאָרדזש וואַשינגטאָן האָט געפירט קעגן ענגלאַנד פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון די אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס, וועלכע האָבן שפּעטער, נאָכן געוואונענעם קריג, געבילדעט די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. ער

איז געווען אַן איבערגעגעבענער אַלגעמיינער און יידישער כלל־טוער. צווישן זיינע פּלענער איז געווען צו גרינדן אַ יידישע טעריטאָריע אין די פֿאַראיי־ניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע. ער איז שפּעטער געוואָרן באַשטימט אַלס דער גענעראַל־קאָנסול אין טוניס. צווישן זיינע פּלענער איז געווען צו גרינדן אַ יידישע טעריטאָריע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. ער האָט פֿאַראינטע־רעסירט אייניקע כלל־טוער, פֿאַר וועמען ער האָט פֿאָרגעשלאָגן זיין פּראָיעקט פֿון אַ יידישן ישוב אויף גרענד איילאַנד אין ניאַגאַראַ ריווער.

אין 1820 האָט ער געקויפֿט אַן ערך 17 טויזנט אַקער לאַנד פֿאַר דעם צוועק. די פּראָיעקטירטע קאָלאָניע האָט געזאָלט הייסן „אררט" — אַן עיר־מקלט פֿאַר די יידן. מרדכי עמנואל נח האָט דאָ אָבער געגעבן דעם קינד אַ נאָמען נאָך איידער עס איז געבאָרן געוואָרן.

די באַוועגונג פֿאַר אַ יידישן דאָרפֿישן ישוב איז געווען צו פֿרי מיט איבער הונדערט יאָר צוריק, אין דער צייט, ווען די יידישע אימיגראַציע איז נאָך געווען זייער קליין. דער שיינער פּראָיעקט איז ניט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן און די באַוועגונג איז בלויז געבליבן אַ פֿרומער וואונטש, וואָס איז ניט אַרויס מן הכח אל הפועל. אַלס זכר פֿון דעם גאַנצן פּראָיעקט איז אונדז איבערגעבליבן אַ שטיין פֿון אַ מאָנומענט לכבוד דעם געפּלאַנעוועטן יידישן דאָרפֿישן ישוב אררט. דער שטיין געפֿינט זיך איצט אין דעם היס־טאָרישן מוזייאום פֿון באַפֿאַלאָ.

בעת עמנואל נחס פּלאַן אררט איז קיינמאָל ניט באַצויגן געוואָרן מיט הויט און ביין און איז אָפּגעשטאָרבן אַלס אַן אילוזיע, פֿאַנטאַזיע, איז אָבער די קאָלאָניע „שלום" געווען אַ ממשותדיקע זאַך. דער עקספּערימענט אין קאָלאָניע „שלום" קאָן ווערן באַטראַכט אַלס דער אָנהויב פֿון אַ באַוועגונג פֿאַר יידישער קאָלאָניזאַציע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

## שלום — די ערשטע יידישע קאָלאָניע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן

אין יאָר 1837 האָבן עטלעכע ניו יאָרקער יידן זיך פֿאַראייניקט מיט דעם צוועק צו גרינדן אַ יידישע קאָלאָניע. זיי האָבן געקויפֿט אין אַלסטער קאָונטי, ניו יאָרק, אַ שטיק לאַנד אויפֿן צפֿון זייט פֿון דער שטעטל וואָוואַר־זינג, אַן ערך זעקס מייל ווייט פֿון דעם דאָרף מיטן זעלביקן נאָמען און פֿיר מייל ווייט פֿון לעקעווען, באַ איינעם אַ געוויסן עדמונד ברוען. דאָס לאַנד איז געווען צעטיילט אין באַזונדערע חלקים, אומגעפֿער צו פֿינף אַקער אַ חלק. איין שטיק פֿון דעם געקויפֿטן לאַנד האָט מען באַשטימט פֿאַר די

הייזער, וואָס מען האָט גענומען בויען. אַ נאָמען האָט מען געגעבן דעם דאָרף: ש ל ו ם.

אין יענער צייט איז נאָך דאָרטן קיין אייזנבאַן ניט געווען און ווען די קאָלאָניסטן פלעגן דאַרפן קומען קיין ניו יאָרק האָבן זיי זיך געמוזט שלעפּן אַ היבשע צייט פער אָקס און דאַן אויף אַ פערי איבערן האַדסאָן. דאָס פלעגט זיין אַ גרויסע נסיעה און עס פלעגט דויערן דריי מעת־לעת אַהין און דריי מעת־לעת צוריק.

לויט די אַרכיוון אין אָפיס פון אָלסטער קאָונטיס קלוירק*) איז אין דעצעמבער 1837 פאַרקויפט געוואָרן אַ שטח לאַנד פון 485 אַקער און עלף לאָטס צו דער קאָלאָניע „שלום". דער פאַרקויפער איז געווען עדמונד ברוען און די קויפער ווילימאָם נ. פּאָלאָק, מאַרקוס פאַן געלדערן, עילאָס ראָדמאַן, בענעדיקט קאָהען, יאָנאָס (יונה ?) סאָלאָמאָן, עדוואַרד מעי, ציון (בן ציון ?) בערענשטיין, סאָלאָמאָן סאָמעלסאָן, איגנאַץ ניומאַן, יאָזעף דייוויס און מאָזעס קאָהען. פּאָלאָק האָט זיין חלק גלייך איבערגעגעבן צו מאָזעס קאָנטענט פאַר דעם זעלביקן פרייז, פאַר וועלכן ער האָט געקויפט. ער האָט, משמעות, חרטה געקראָגן אויפן עסק גלייך אין אָנפאַנג.

געקויפט דאָס לאַנד האָט מען פאַר דעם פרייז פון 3,631 דאָלאַר מיט 18 סענט — אַן ערך 7 און אַ האַלב דאָלאַר פער אַקער. די גאַנצע סומע איז ניט געוואָרן איינגעצאָלט באַם קויפן און דער פאַרקויפער עדמונד ברוען האָט גענומען אַ פוירסט מאָרטגיידזש אויף 2,724 דאָלאַר מיט 84 סענט. מזומן האָט מען איגנאַצן באַצאָלט 903 דאָלאַר און 34 סענט. ניט יעדער אידישער „סעטלער" האָט איינגעצאָלט אַ גלייכע סומע. אַנדערע האָבן גע־צאָלט מער, אַנדערע ווייניקער. איינער, אַשטייגער, האָט איינגעצאָלט 130 דאָלאַר און 75 סענט, אַ צווייטער — בלויז 38 דאָלאַר און 81 סענט. די אינדיווידועלע מאָרטגעדזשעס זיינען געווען צווישן 116 און 398 דאָלאַר. די מאָרטגעדזשעס האָבן געזאָלט ווערן אויסגעצאָלט אין אַ משך פון פינף יאָר. ביזן אויסצאָלן האָבן די יידישע ישובניקעס פון ש ל ו ם באַדאַרפט צאָלן זיבן פּראָצענט אַ יאָר. דריי יאָר נאָך דעם, אין יאָר 1840, האָט איינער

---

*) דעם מאַטעריאַל וועגן דער קאָלאָניע „שלום" האָט צונויפגעקליבן מר. גבריאל דייווידזאָן, דזשענעראַל מענעדזשער פון דער דזשואיש אַגרי־קולטשוראל סאָסייעטי און האָט וועגן דעם געהאַלטן אַ פאַרטראַג אויף דעם 13טן יערלעכן מיטינג פון דער דזשואיש היסטאָריקעל סאָסייעטי אין אַפּריל 1922 אונטערן נאָמען: „די טראַגעדיע פון שלום". מיר באַנוצן זיך דאָ מיט דעם קאָסטבאַרן היסטאָרישן מאַטעריאַל. — א. ש. זאַקס.

טשאַרלז ס. סאַראָני געקויפט אין „שלום“, אויך פון עדמונד ברוען, 187 אַקער לאַנד. דער „דיד“ (קופטשע קריעפּאַסט), איז געמאַכט געוואָרן דעם 4טן סעפּטעמבער 1840. סאַראָני האָט בלויז געצאָלט 5 דאָלאַר און 62 סענט פּער אַקער, בעת די פריערדיקע יידישע קאָלאָניסטן האָבן געצאָלט צו $7.50.

גלייך ווי די יידישע סעטלערס זיינען געקומען קיין שלום, האָבן זיי גלייך אָנגעהויבן בויען הייזער, וואָס האָבן געקאָסט צווישן דריי און פיר הונדערט דאָלאַר אַ הויז. פאַר יענער צייט זיינען אַזוינע הייזער געווען אמתע פּאַלאַצן לגבי די הייזער פון די שכנהשע פּויערים. מען האָט געפּלאַנט בויען אַ סינאַגאָג. אַ שטיק פּלאַץ האָט מען באַשטימט פאַר אַ בית-עלמין.

אין די יאָרן 1837-40 איז געווען אַ גרויסער עקאָנאָמישער קריזיס (קאָן זיין, אַז דער קריזיס האָט אונטערגעטריבן די יידן זיך באַזעצן אויפן לאַנד) און די ישובניקעס פון שלום האָבן, הפנים, ניט געהאַט קיין מיטלען פאַר זייערע קהלשע הצטרכותן, האָבן זיי אין יאָר 1839 זיך געווענדט נאָך פינאַנציאַנעלער שטיצע צו דער קאָנגרעגיישאָן שארית ישראל, ניו יאָרק. דער עיקר האָבן זיי געבעטן, מען זאָל זיי העלפן בויען די סינאַגאָגע. די קאָנגרעגיישאָן האָט זיך ניט אַזוי געאײַלט מיט איר הילף. די סינאַגאָגע איז אָבער דאָך אויפגעשטעלט געוואָרן.

די יידישע איבערוואַנדערער פון שטאָט ניו יאָרק אין דאָרף שלום האָבן געאַרבעט מיט גרויס חשק אויף זייערע חלקים ערד. זיי האָבן דאָס לאַנד גערייניקט פון אַלערליי אומנויטיקע געוויקסן און שטיינער. זיי האָבן אַליין געמאַכט צוימען, האָבן געגראָבן ברונעמער און האָבן דורכגעשניטן וועגן. פון זייער פאַרמעריי אַליין האָבן זיי נאָך קיין לעבן ניט געקאָנט מאַכן, פלעגן זיי פאַרדינען אָן אַ זייט, ווער פון מאַנופעקטשורינג, ווער פון שניידעריי, ווער פון שוסטעריי און ווער פון פּעדלעריי. דייוויס האָט געעפנט אין דאָרף שלום אַ קרעמל און אַ שטיקל „לאָנטש רום“. עס ווערט וועגן אים דערציילט, אַז ער איז געווען אַ גרויסער מכניס אורח. ער פלעגט אַלע זיינע קאָסטימערס מכבד זיין מיט טיי און לעקעך (קעיק).

איינער פון די ישובניקעס אין שלום, סאַמועלסאָן, האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון אַ רב און אַ שוחט.

בכלל האָבן זיך די יידישע דאָרפסלייט געפירט אויף אַן אמת ציוויליזירטן אופן. זייערע דירות, זייער מעבל און זייער גאַנצער שטייגער פון לעבן זיינען געווען אַ סך בעסער, ווי אין די שכנהשע דערפער. די ווענט פון זייערע וואוינונגען זיינען געווען אָרומגעהאַנגען מיט אויל-בילדער און פאַרשיידענע קונסט-זאַכן, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון שטאָט. עס איז אַ סברה, אַז זיי זאָלן אפילו האָבן געהאַט אין דאָרף אַ קליינעם קונסט-מוזיי.

# דער סוף פון דער קאָלאָניע שלום

אַ געוויסע צייט האָבן די ישובניקעס פון זייער פאַרמעריי און זייטיקע פאַרדינסטן געהאַט אויף זייער חיונה. זיי האָבן אפילו ביסלעכווייז געקאָנט אויסצאָלן די מאָרטגעדזשעס. אָבער סוף־כּל־סוף האָבן זיי ניט געקאָנט אויס־האַלטן. פאַרמעריי אין די ניו יאָרקער בערג (מאָונטיינס), וואו דאָס לאַנד איז פעלזיק, מאָגער און די ווינטערן זיינען דעם גרעסטן טייל פון יאָר קאַלט, דער זומער אַ קורצער — איז ניט קיין גרינגע פּרנסה אפילו פאַר אַזעלכע, וועלכע זיינען מדור דורות פּויערים, בפרט נאָך פאַר שטאָט־לייט, וועלכע זיינען געוואוינט צו לעבן מיט אַ געוויסן קאָמפאָרט. אַחוץ דעם האָבן זיי געמוזט צאָלן די מאָרטגעדזשעס, פון וועלכע די שכנישע פאַרמערס זיינען שוין געווען פריי. ווייט פון מאַרק, האָבן זיי אויך זיך ניט געקאָנט דורכשלאָגן מיט ביזנעס־אונטערנעמונגען. דער וועג פון פּרנסה, ווי די ערד, וואָס זיי האָבן באַאַרבעט, איז געווען אַ דאַרנדיקער, און וויפל כּחות די יידישע פּיאָנערן זאָלן ניט האָבן אַוועקגעלייגט, האָבן זיי פּאָרט ניט געקאָנט מאַכן אפילו אַן אָרימען לעבן. זיי האָט זיך ניט געוואָלט אָפּגעבן די פאַר־מעריי און פאַרלאָזן דאָס דאָרף ש ל ו ם, אויף וועלכן זיי האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען, אָבער די נאַטור־באַדינגונגען — דער האַרטער מאָגע־רער באָדן, די נידעריקע טעמפּעראַטור, די ווייטקייט פון מאַרק — זיינען געווען קעגן זיי און די ערשטע יידישע ישובניקעס זיינען געווען געצוואונגען אַוועקצולייגן דאָס געווער, איבערלאָזן זייערע לאַנדווירטשאַפטלעכע מכשירים און זיך אומקערן אין שטאָט. די פּיאָנערן פון ש ל ו ם האָבן געליטן נויט, דחקות און הונגער. עס ווערט דערציילט, אַז דער הונגער איז אין ש ל ו ם געווען אַזוי גרויס, דאָס די ישובניקעס, ניט געקוקט, וואָס זיי זיינען געווען פרומע יידן, האָבן געקוילעט אויף שפּייז אַ יונג קעלבל פון אַ טאָג, הגם לויטן יידישן דין האָבן זיי באַדאַרפט וואַרטן ביז וואַנען דאָס קעלבל וועט זיין אַלט ניט ווייניקער ווי אַכט טעג.

עדמונד ברוען האָט אין דער נאָכבאַרשאַפט געהאַט אַ שאַפּ, וואו די יידישע פאַרמערס פון ש ל ו ם פלעגן אַביסל פאַרדינען. דער עקאָנאָ־מישער קריזיס האָט געפירט דערצו, דער שאַפּ זאָל זיך צומאַכן. דאָס איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַר די ערשטע יידישע פּיאָנערן־קאָלאָניסטן אין ש ל ו ם און דער פּועל־יוצא איז געווען, אַז זיי האָבן ניט געקאָנט נאָכ־קומען זייערע חובות און אויסצאָלן די מאָרטגעדזשעס. אין יאָר 1842 זיינען ניין פון די צוועלף חלקים לאַנד פאַרקויפט געוואָרן אַלס אַ רעזולטאַט פון רעם, וואָס זיי האָבן ניט געקאָנט דעקן די אָפּצאָלונגען (אינסטאָלמענטס).

די אַנדערע דריי — איגנאַץ ניומאַן, יאָזעף דייוויס און ציון בערנשטיין — האָבן זיך נאָך געמאַטערט אַ געוויסע צייט. אין יאָר 1851 האָבן זיך אויך די לעצטע פּיאָנערן געזעגנט מיט דעם דאָרף ש ל ו ם. זיי האָבן זייערע „נחלאות" פאַרקויפט בחצי חנם און איבערגעלאָזן דאָס דאָרף ש ל ו ם מיט דער סינאַגאָגע און דעם בית־עלמין, וואו זיי האָבן באַגראָבן זייערע טרוימען און האָפענונגען צו גרינדן אַ יידישן ישוב, וואו מען זאָל ציען די חיונה פון לאַנד־ און פעלד־אַרבעט.

מיטן איבערלאָזן דאָס דאָרף ש ל ו ס האָבן זיך נאָך זייערע צרות ניט געענדיקט. זיי האָבן נאָך געהאַט דורכצומאַכן די נסיעה צוריק קיין ניו יאָרק, וואָס דאָס איז אין יענער צייט כלל ניט געווען אַ לייכטער וועג. אַוועקגייענדיק פון שלום „בעירום ובחוסר כל" אין בוכשטעבלעכן זין פון וואָרט, האָבן זיי אויפן וועג צוריק געהונגערט און געפרוירן. ווען דער לעצטער יידישער קאָלאָניסט האָט קוים מיט צרות דערלעבט צו קומען אויף זיין וועג קיין לעקעוועק, איז ער געווען געצוואונגען צו פאַרקויפן די לעצטע בעבעכעס, אום ער זאָל קאָנען קויפן שפייז פאַר זיך און פאַר זיין פערדל, זיי זאָלן ביידע זיין בכח צו דערגרייכן ניו יאָרק...

## ווער זיינען געווען די פּיאָנערן פון שלום ?

מר. גבריאל דייווידסאָן האָט צונויפגעקליבן ידיעות און אינפאָרמאַציעס פון די זקנים און זקנות, וועלכע געדענקען נאָך אַביסל די דערציילונגען פון זייערע פאָטערס, זיידעס און עלטער־זיידעס, אָדער עלטער־פעטערס, וועלכע האָבן געוואוינט אין שכנות פון דעם דאָרף ש ל ו ם, פון די קאָלאָניסטנס אייניקלעך און אוראייניקלעך, צו ווענען עס זיינען איבערגעגאַנגען פון דור צו דור מאַנכע איינצלהייטן איבער דעם פּערסאָנאַל פון די פּיאָנערן.

עליאָס ראָדמאַן איז געווען געבוירן אין פּוילן, וואַרשיינלעך אין יאָר 1790. זיין ווייב אסתר איז געווען אַ דייטשישע. איידער ער האָט זיך באַזעצט אין שלום און נאָכדעם, ווען ער איז געקומען פון דאָרטן צוריק, איז ראָדמאַן געווען אַ פעדלער — אַ קאָסטימער־פעדלער. גלייך ווי ער האָט זיך באַזעצט אין קאָלאָניע איז באַ אים געבוירן געוואָרן אַ זון, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ באַאַמטער אין שטאָט ניו יאָרק.

טשאַרלז א. סאַראָני איז געבוירן אין פראַנקפורט אַם מאַין, דייטשלאַנד. איז אַהער געקומען אַלס אַ יונגערמאַן. פריער איז ער געווען אַ פאָריער און ווען ער איז געקומען צוריק פון ש ל ו ם, איז ער געוואָרן

אַ קירזשנער. ער מיט נאָך אַ שותף האָבן געגרינדעט אַ פירמע „סאַראַני און אַרטשער". ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די יאָגעניש נאָך גאָלד אין קאַליפאָרניע (די קאַליפאָרניער גליקן) אין 1850, איז ער אַהין אַוועק און אויף זיין רייזע צוריק איז ער פאַרלוירן געוואָרן צוזאַמען מיט דער שיף ‚דהי סענטראַל אַמעריקאַן", וואָס איז אונטערגעגאַנגען. אין צייט פון זיין טויט איז פון אים איבערגעבליבן אַן אַכט-יאָריקער אינגל, טשאַרליי, וועלכער האָט שפּעטער געהייראַט אַ קריסטין. טשאַרלזעס זון האָט מיט אידישקייט ניט געהאַט צו טאָן.

מאָזעס קאָנטענט איז געווען אַ ברודער פון שמעון קאָנטענט, וועלכער איז אַהער געקומען אין 1803 און האָט זיך נאַטוראַליזירט אין פילאַדעלפיע. לויט די פּראָטאָקאָלן פון דער שפּאַניש-פּאָרטוגעזישער סינאַגאָגע, האָט קאָנטענט דאָרטן געהאַט אַ „שטאָט" אין יאָר 1820. די קאָנטענטס שטאַמען פון אַ פראַנצויזיש-יידישער פאַמיליע, וועלכע האָט אויסגעוואַנדערט אַפריער פיין האָלאַנד און שפּעטער קיין אַמעריקע. די קאָנטענטס, משמעות, אייניקלעך אָדער אור-אייניקלעך פון די, וועלכע האָבן געהאַט אַ שייכות מיט דער קאָלאָניע ש ל ו ם, זיינען איצט זייער אָנגעזעען אין ניו יאָרק.

יאָזעף דייוויס, אַ געבוירענער פון האָלאַנד, האָט געקראָגן זיין דערציאונג אין ענגלאַנד און איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1798. ווען ער האָט זיך באַזעצט אין שלום, איז ער שוין געווען אַ באַיאָרנטער מענטש. ער איז געווען דער לעצטער צו פאַרלאָזן די קאָלאָניע. איז געשטאָרבן אַלס אַן עלטערער מאַן אין יאָר 1857. זיינע אוראייניקלעך לעבן נאָך עד היום אין ניו יאָרק. איינער איז דער באַוואוסטער ריעל-עסטייט דילער דזשיי. קלאַרענס דייוויס, און אַ צווייטע איז מרס. מעקס ל. לעווענזאָן. ביידע זיינען זיך מתעסק אין אידישע כלל-ענינים.

מאַרקוס פאַן געלדערען איז געבוירען אין האָלאַנד אין יאָר 1798. ער איז אַהער געקומען אין עלטער פון 24 יאָר. אין יאָר 1828 האָט ער פאַרנומען אין קאָנגרעגיישאָן שארית ישראל דעם אַמט פון דער דערווייליקן שוחט און בודק. פון 1860 ביז 1871 איז ער דאָרטן געווען דער רעגולערער שוחט ובודק. ער איז געשטאָרבן אַן אַלטער מאַן.

ווי מען זעט, זיינען די פּיאָנערן פון ש ל ו ם געווען פון פאַרשיידענע לענדער, פון אַ אַפרשיידענעם עלטער און פון אַ פאַרשיידענער דערציאונג. א י י ן געדאַנק האָט זיי אַלעמען פאַראייניקט — דער געדאַנק, אַז מען מוז אויפגעבן די לופט- און ווינט-פּרנסות און אַז יידן דאַרפן מאַכן אַ לעבן פון ערד-אַרבעט און זיין נעענטער צו דער מוטער-נאַטור.

# די ווילנער קאָמונע

די שענסטע און אויסגעהאַלטנסטע קאָמונע איז געווען די „ווילנער קאָמונע״, וואָס קאָן ווערן באַטראַכט פאַר דעם נוקלעאוס, פאַר דעם קערנדל, פון וואַנען עס זיינען שפּעטער אַרויסגעוואָקסן וויכטיקע אַרבעטער־פירער און פּיאָנערן פון אַנדערע ניצלעכע שטרעמונגען אין אונדזער אידישן לעבן אין אַמעריקע.

די „ווילנער קאָמונע״ האָט אויך מיט גרויס מסירת־נפש געהאָלפן אַקערן דאָס פעלד (סיי אין פּאַקטישן, סיי אין פיגוראַטיוון זין) פאַר דער פאַרם־באַוועגונג, וואָס איז שפּעטער זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוואָקסן אין יידישע אימיגראַנטישע ישובים דאָ אין לאַנד.

פאַראינטערעסירט מיט די ערשטע טריט פון דער יידישער פאַרמעריי צווישן די אַריבערגעקומענע, האָט דער שרייבער פון אַט די שורות זיך געמאַכט פאַר זיין אויפגאַבע צו קריגן אַ קלאָר, היסטאָריש בילד, אויפן סמך פון פאַקטן, וואָס ער האָט צונויפגעקליבן אין די פערזענלעכע שמועסן, וועלכע ער האָט געפירט מיט מאַנכע פון די נאָך אין לעבן־פאַרבליבענע פאַרקעמפער פאַר דער אידייע פון צוזאַמען אַרבעטן און צוזאַמען לעבן אויף דער ערד.

אַזוי ווי היינטיקס יאָר ווערט דרייסיק יאָר זינט עס האָט זיך געגרינדעט די „אַגריקולטשורעל עיד סאָסייעטי״, וואָס האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר דער יידישער פאַרמעריי און וועלכע האָט באַפליגלט אַ סך יידישע יונגעלייט און עלטערע מענטשן מיט אַזעלכע שיינע, זיסע האָפענונגען, איז ניט מער ווי רעכט, מיר זאָלן מאַנכע פון די צונויפגעקליבענע ידיעות, וועלכע וואַרפן אַ ליכט אויף דער פאַרגעשיכטע פון דער היגער יידישער קאָלאָניזאַטאָרי־שער שטרעבונג, איבערגעבן פאַרן ברייטן עולם.

די „ווילנער קאָמונע״, וואָס איז מערסטנס באַשטאַנען פון די ווילנער „עם־עולמניקעס (צו איר זיינען צוגעשטאַנען אויך עטלעכע פון די דרום־רוסישע עם־עולם־גרופּעס, וועלכע זיינען געווען אין סימפּאַטיע מיט די

רעוואָלוציאָנערע קאָמוניסטישע אידעאַלן פון די ווילנער), האָט געלעבט דאָ אין ניו יאָרק אויף עסעקס סטריט. זי איז אין די אימיגראַנטישע קרייזן אויך געווען באַוואוסט אונטערן נאָמען: „די עסעקס סטריט קאָמונע".

„צווישן די מיטגלידער אין דער ווילנער קאָמונע*) זיינען געווען: דער אַלטער אַרבעטער רינגטוער ס. מענאַקער, אַלעקסאַנדער האַרקאַווי, פּרענקלין, מירסקי, גרין, קאָטלאַקאָווסקי, שפּיז, מיס מענאַקער, הורוויטש. די מערסטע פון זיי האָבן געהאַט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער „גאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" און האָבן באַלאַנגט צו זונדעליעוויטשעס „קרוזשאָק". סאָל. מענאַקער האָט זיך בכיון אין ווילנע געלאָזט אָפּגעבן אין מיליטער, כדי צו קאָנען פאַרשפּרייטן רעוואָלוציאָנערע געדאַנקען צווישן די רוסישע סאָלדאָטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף אַ זייער נידעריקער מדרגה פון אַנטוויקלונג.

„אין דער ווילנער קאָמונע האָט געהערשט דער פּרינציפּ „כל דכפין ייתי וייכול" — יעטווידער איינער האָט געקאָנט קומען און עסן און טרינקען און שלאָפן. די טירן זיינען געווען אָפן פאַר אַלעמען... די מיטגלידער האָבן שווער געאַרבעט אויסצוהאַלטן די קאָמונע. די פרויען האָבן אויפגעפּאַסט אויף דער באַלעבאַטישקייט און די מענער פלעגן גיין אויף אַרבעט. קיינער האָט ניט געפרעגט וויפל אימיצער ברענגט אַריין אין דער קאָמונע, וויניקער צי מער — די קאַסע איז געווען אַן אַלגעמיינע. אַז אימיצער האָט געבראַכט זיינע פאַרדינסטן, האָט ער עס איבערגעגעלאָזט אין קאַסע און צוגעשריבן צום ביכל: אַזויפיל און אַזויפיל. די נעמען פון די געבער און פון די נעמער האָט קיינער ניט געוואוסט. יעדער מיטגליד פון דער קאָמונע האָט געהאַט אַ שליסל צו דער קאַסע און האָט צו יעדער צייט געקאָנט צו איר צוקומען. קיינער האָט ניט געפרעגט, צי ער וויל אַרויסנעמען אָדער צולייגן געלט. אין די אָוונטן, נאָך דער אַרבעט, פלעגן די מיטגלידער פירן דעבאַטן, דיסקוסיעס און זינגען".

די „קאָמונע" איז ניט געווען דער ענדלעכער צוועק פון די ווילנער רעוואָלוציאָנערן. זיי האָבן עס באַטראַכט אַלס אַן איבערגאַנגס־צייט צו דעם אמתן קאָמוניסטישן לעבן, וואָס זיי האָבן געהאַט בדעה דורכצופירן אין די קאָמוניסטישע דערפער, וועלכע זיי האָבן זיך געקליבן צו גרינדן אין דער נאָענטער צוקונפט.

די „ווילנער קאָמונע" האָט אינגאַנצן עקזיסטירט זעקס מאָנאַטן, און גלייך ווי זי איז זיך פאַנאַנדערגעפאַלן האָבן די מערסטע פון אירע מיט־

*) איך ציטיר דאָ מאַנכע שטעלן פון מיין ווערק: „די געשיכטע פון אַרבעטער רינג", ערשטער טייל. — א. ש. זאַקס.

גלידער זיך גענומען צו דער פאַרווירקלעכונג פון זייער אידעאַל: „גיין אויפן לאַנד, און דאָרטן זייען גקערנדלעך, פון וועלכע עס זאָל אַרויסשפּראָצן אַ קאָמוניסטיש לעבן".

אין „קעסל־גאַרטן"*) איז געווען אַ ביוראָ, וואָס איר אויפגאַבע איז געווען פאַנאַנדערצופירן אַרבעטער אויף פאַרמס אין פאַרשיידענע שטאַטן פון לאַנד. די מיטגלידער פון דער „ווילנער קאָמונע" האָבן זיך דאָרט דערקונדיקט וועגן אַ פּלאַץ, וואו מען זאָל קאָנען באַאַרבעטן דאָס לאַנד. לויט דער אינפאָרמאַציע, וואָס מ'האָט זיי דאָרטן געגעבן, האָבן זיי, נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך דורכגערעדט מיט אַנדערע עם־עולמניקעס, באַשלאָסן צו גרינדן אַ קאָלאָניע אין אַרקאַנסאָ.

צוועלף מענטשן זיינען צום ערשטן אַהין געשיקט געוואָרן. צווישן זיי זיינען געווען: הערדער, וואָסקאָבאָיניקאָוו און זופּניק (פון די דרומדיקע עם־עולמניקעס) און מענאַקער, שפּיז און וואַזאַ פון די ווילנער.

איינע פון די אורזאַכן, וואָס זיי האָט אַהין געצויגן, איז געווען, וואָס דאָרטן האָט שוין פון פריער עקזיסטירט אַ יידישע קאָלאָניע, אונטערגע־שטיצט פון באַראָן הירש.

אונדזערע יידישע רעוואָלוציאָנערן האָבן לעבן דער עקזיסטירנדיקער קאָלאָניע געקויפט אַ שטיק לאַנד, וואו מען זאָל קאָנען אַרבעטן קאָלעק־טיוויסטיש און לעבן אויף אַ קאָמוניסטישן שטייגער. די נייע קאָלאָניע האָבן זיי אַ נאָמען געגעבן די „ווילנער קאָלאָניע„, ווייל די הויפט־אַרבעטער און פירער זיינען געווען פון דער „ווילנער קאָמונע" אויף עסעקס סטריט. דער שטח לאַנד האָט פאַרנומען הונדערט אַקער, צו 25 דאָלאַר אַן אַקער. איינגעצאָלט האָט מען איגאַנצן הונדערט דאָלאַר. די איבעריקע סומע האָבן אונדזערע פּיאָנערן באַדאַרפט אויסצאָלן מיט אַרבעט.

די באַדינגונגען פאַר ערד־אַרבעט זיינען אין דעם אָרט געווען די ערגסטע, וועלכע מען קאָן זיך נאָר פאָרשטעלן. דער באָדן איז געווען אַ זומפּיקער און אַ מין קדחת, וואָס האָט דאָרטן געהערשט, האָט אויסגעזויגן די כחות פון די געזינטסטע מענטשן. אַחוץ דעם זיינען אַרומגעקראָכן אויף דער ערד לאַנגע, גרויסע שלאַנגען און אַנדערע באַשעפענישן. דריי פון די

---

*) אין יענער צייט, פון וועלכער מיר רעדן, די ערשטע העלפט פון די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, איז נאָך קיין „עליס־איילאַנד" ניט געווען. די אימיגראַציע איז געווען אַ פרייע. די פאַרשיידענע פאָרמאַ־ליטעטן באַם לאַנדן פלעגן דורכגעפירט ווערן אין „קעסל־גאַרדן" — אין דעם פּלאַץ, וואו עס געפינט זיך איצט דער „אַקוואַריום". — א. ש. ז.

פיאָנערן זיינען אין אַ קורצער צייט געשטאָרבן. די יידישע קאָלאָניסטן, וואָס האָבן זיך דאָרט באַזעצט מיט דער הילף פון באַראָן הירשס געלט האָבן געהונגערט און געפיבערט. דער עלנט פון אַט די קאָלאָניסטן איז געווען אומבאַשרייבלעך. געשפייזט האָבן זיי זיך מיט ברויט און בעבלעך. דאָס ברויט איז געווען געבאַקן ניט פון קאָרן, נאָר פון קוקורוזע.

ווען די „ווילנער" זיינען אַהין געקומען און געטראָפן דעם הונגעריקן, קראַנקן יידיש־דאָרף, איז זייער ערשטע אויפגאַבע געווען צו ברענגען די נויטיקע געזונטע שפייז.

זיי זיינען אַוועק אין אַ שכנישער שטאָט, איינגעקויפט פּראָוויזיע און אַריינגעפירט אין דאָרף. די יידישע דאָרפסלייט האָבן געמיינט, אַז דאָס האָט גאָט אויף זיי רחמנות געקראָגן און זיי אַרונטערגעשיקט דעם מן פון הימל. ווי הונגעריקע חיות האָבן זיי זיך אַרויפגעוואָרפן אויפן וואָגן און צעכאַפּט די שפייז.

פיר מאָנאַטן האָבן זיך די יידישע אידעאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן אָפּ־געפּלאָגט דאָרטן. זיי האָבן געאַרבעט טאָג־און־נאַכט. זיי האָבן געהונגערט און געקרענקט. באַטאָג האָט זיי געברענט די שטיקנדיקע היץ און באַנאַכט האָט זיי דורכגענומען אַ פּייכטע קעלט. זיי האָבן אָבער אויף זייער מזל זיך ניט באַקלאָגט. זיי האָבן אַריבערגעקוקט די קעגנוואַרט און געוואָרפן זייערע בליקן אויף דער ווייטער צוקונפט, ווען דאָס יידישע פאָלק, לכל הפחות, אַ טייל פון אים, וועט לעבן אין קאָמוניסטישע קאָלאָניעס.

די איבערמענטשלעכע אַרבעט און ליידן האָבן אָבער ניט געהאָלפן. די מוטערנאַטור האָט זיך דאָרטן פאַרעקשנט און איז געווען זייער אַכזריות־דיק צו די פּיאָנערן.

אָן אַ שום מעגלעכקייט און אָן אויסזיכטן צו האָבן אפילו אויף מאָגער ברויט פון דער ערד־אַרבעט, האָט די „ווילנער קאָלאָניע" באַשלאָסן צו שיקן אייניקע פון די חברים אין אַ דערבייאיקער שטאָט אַרבעטן און פאַר־דינען אַביסל געלט, מיט וועלכן מען זאָל קאָנען ווייטער אָנהאַלטן די קאָ־לאָניע.

סאָל. מענאַקער האָט אין אַ בריוו צו ניקאָלאַי אָליעניקאָף*) געשיל־דערט די אומדערטרעגלעכע באַדינגונגען, אונטער וועלכע זיי קומט אויס צו אַרבעטן און צו לעבן. אָליעניקאָף האָט דעם בריוו געוויזן דעם באַ־וואוסטן כלל־טוער און פריינט פון די אידישע אימיגראַנטן מיכאל האַלפּערן,

*) דאָס איז דער פאַרשטאָרבענער סאָציאַליסטישער לאָיער אָליעני־קאָף, אַ פירער פון דער קיוועער עם־עולם־גרופּע. — א. ש. ז.

וועלכער האָט זיך באַצויגן באַזונדערס וואַרעם און האַרציק צו דער אידעאַליסטישער עם־עולם־יוגנט.

מיכאַל האַלפערן האָט זיך דורכגערעדט מיט ל. שטראַוס (דעם פאָטער פון נייטען, אָסקאַר און איזידאָר שטראַוס), וועלכער האָט זיך אינטערעסירט מיט די יידישע ערדאַרבעטער. שטראַוס האָט געשאַפן געלט אַריבערצונעמען די גאַנצע אַרקאַנסער קאָלאָניע קיין סט. לואיס.

די מערסטע קאָלאָניסטן זיינען געקומען פון דער קאָלאָניע קראַנקע, צעבראָכענע. אונדזערע רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך צוריקגעקערט פון זייער ערשטן עקספערימענט מיט מאַלאַריע אין זייערע גלידער און מיט אַ נייער האָפענונג אין זייער האַרצן צו גרינדן אַ חברותאדיקע קאָלאָניע אַנדערשוואו, אונטער בעסערע באַדינגונגען.

# די לאסקער קאָלאָניע

אין 1885, ווען די מיטגלידער פון דער „ווילנער קאָמוניסטישער קאָ־לאָניע" אין אַרקאַנסאָ זיינען אַביסל געקומען צו זיך, האָבן זיי, מיט דער מאָראַלישער און מאַטעריעלער שטיצע פון מיכאל האַלפערן, געגרינדעט אַ נייע קאָלאָניע אין קענזעס.

די קענזעסער קאָלאָניע איז געווען אָרגאַניזירט לויט אַ נייעם פּלאַן. די קאָלאָניסטן האָבן זיך איינגעטיילט אין קליינע גרופּן, צו פינף־זעקס מענטשן אין אַ גרופּע. דער פּלאַן איז געווען, אַז איין טייל פון יעדער גרופּע זאָל זיין באַשעפטיקט אויפן לאַנד און דער צווייטער טייל זאָל אַר־בעטן אין שטאָט.

די רעגירונג האָט געגעבן די נייע קאָלאָניסטן אַ גאַנצן „סעקשאָן" לאַנד, וואָס האָט פאַרנומען אַ קוואַדראַט מייל.

צוועלף גרופּעס זיינען געווען אין דעם סעקשאָן. יעדע גרופּע האָט זיך גערופן נאָך איר פאַרשטייער. אַזוי, צום ביישפּיל, איז דאָרטן געווען אַ מענאַקער־גרופּע, אַ מינדלין־גרופּע, אַ שטיקערמאַן־גרופּע א. אַז. וו.

מען האָט געוואָלט די גרופּעס אונטערשטיצן פון באַראָן הירשס פאָנד, אָבער זיי האָבן זיך דערפון אָפּגעזאָגט. יעדער מיטגליד האָט אַליין געמוזט אַריינברענגען צו צוויי הונדערט דאָלאַר אויף זיין חלק.

די גרופּעס, לעבנדיק באַזונדער, זיינען אָבער געווען פאַרבונדן צווישן זיך בנוגע די אינטערעסן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו אַלעמען. אויף די כלל־אינטערעסן האָבן אויפגעפּאַסט די גבאים, אָדער ווי מען האָט זיי גערופן, „די עלטסטע".

די קאָלאָניע האָט מען אַ נאָמען געגעבן די „לאַסקער קאָלאָניע", נאָך דעם באַוואוסטן יידיש־דייטשן ליבעראַל, וואָס האָט געפירט אַ קאַמף קעגן ביסמאַרקן.

דער נאָמען האָט כאַראַקטעריזירט דעם מהות פון דער קאָלאָניע. זי איז ניט געווען קאָמוניסטיש און ניט קאָנסערוואַטיוו. זי האָט אָנגענומען

אַ מיטעלע שטעלונג — אַ ליבעראַלע, הייסט עס, לויט דעמאָלטדיקע באַגריפן.

אויך אין דער איסט, אין ניו דזשוירזי און קאָנעטיקוט, זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן יידישע קאָלאָניעס, פון וועלכע עס איז ווערט צו דערמאָנען די קאָלאָניעס „כרמל“, „ראָזענהיים“, „אַלייענס“.

די קאָלאָניע „כרמל“ אין ניו דזשוירזי איז געווען געגרינדעט ניט אויף קאָמוניסטישע, נאָר אויף קאָאָפּעראַטיווע יסודות. אין „כרמל“ איז געווען אַ קאָאָפּעראַטיווע ליכט־פּעקטאָרי, וואו די מיטגלידער פון דער קאָלאָניע פלעגן דאָרטן ווינטער־צייט אַרבעטן.

ניט־ווייט פון „כרמל“ האָט מען שפּעטער געקויפט מיטן געלט פון באַראָן הירשס פאָנד אַ שטיק לאַנד און מען האָט געבויט די באַוואוסטע קאָלאָניע — שפּעטער דאָס שטעטל — וואודביין, וואָס האָט געשריבן אַ וויכטיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין אַמעריקע.

# רשימה פון ערן-אַבאָנענטן און ביישטייערער וואָס האָבן געהאָלפן ארויסצוגעבן דאָס דאָזיקע בוך



1. י. י. אייזנבערג
2. א. ה. ביילין
3. דר. י. בלאָך
4. הדסה בעלענקי
5. מרים בעלענקי
6. לאה בערעזאָוויטש
7. ראָשע בערנשטיין
8. טילי בראָדסקי
9. מ. גיטלסאָן
10. י. דימענטשיין
11. דר. סילוויע גינבער
12. פּ. גינגאָלד
13. דר. א. געפּט
14. סאָניא דאנציג
15. שיינדל האָפּמאַן
16. ב. הענקין
17. דר. ס. הערשמאַן
18. ה. ווייץ
19. אסתר וויצמאַן
20. ווערא ס. זאַקס
21. ליבי זדראָוויטש
22. א. און פרומע חזן
23. א. טשייסין
24. בעלא טשייסין
25. דר. י. טשייסין
26. דר. מאָשע טשייסין
27. דר. מ. לאַנדאַ
28. העלען ליפשיץ
29. מ. ליפשיץ
30. דר. ה. לערמאַן
31. ע. מאָס
32. ב. מארקוס
33. ס. מארקוס
34. ס. מיכלסאָן
35. א. מייעראָוויטש
36. דר. אנא מייזעל
37. ה. מזרח
38. דר. י. מערלים
39. דר. נחמה מערלים
40. חנה נאָוויק
41. עלקע נאקרימאַן
42. חנה ניומאַן
43. י. סאָוויט
44. א. ד. פלעשלער
45. דר. מאַטילדא פישביין
46. רחל פרידמאַן
47. דר. סאָניא קוירשנער
48. איידע קליבען
49. ארנא קריינדל
50. אסתר ראַבינער
51. ליובא ראַבינס
52. ס. ראָזנבערג
53. דבורה ראָטבאַרד
54. חנה רודענקא
55. דר. ע. ראָס
56. מ. שאפּירא
57. ש. שילער
58. שרה שערמאַן